

# דזשיגאן־אלבאם

## אין וואָרט און בילד

35 יאָר סצענישע טעטיקייט

פון שמעון דזשיגאן

תל־אביב * אפריל 1964

ליבער דזשיגן,

עס איז נאָך נישט געקומען די צייט פאַר סך־הכל׳ען: איר געפינט זיך איצט אין סאמע בלי־פּעריאָד פון אייער שעפערישער קינסטלערישער אקטיוויטעט, איך וואָלט געזאָגט, פון אייער פענאָמענאלער, טאָטאלער טעאטער־שעפערישקייט, — אקטיאָר, רעזשיסער, אויטאָר, אַנימאטאָר, אָרגאניזאטאָר,

אָבער —

עס זיינען פונדעסטוועגן שוין פארביי פינף־און־דרייסיק יאָר, און וואָס פאַר — אַ פינפאונדרייסיק יאָר!

איר האָט אָנגעהויבן אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן, אין דער לעצטער, וואונדערלעכער, רענעסאנס־תקופה פון יידישן יידיש־פאָלק, ווען דער סימבאָלישער „אררט"־בארג איז געוואָרן דער נאָמען פארן „אַראַראָט", וואו עס האָט זיך פונדאָסניי געבויט די תיבה נאָכן ערשטן מבול, און איר האָט דורכגעמאכט דעם צווייטן מבול — דעם מבול וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט, נישט אין דער יידישער געשיכטע און נישט אין קיין שום אנדער געשיכטע — און איר זייט ארויס פון אלע סכנות און אָנגעקומען צום נייעם נס־בארג פון דער יידישער געשיכטע, צו מדינת־ישראל, וואו עס בויט זיך נאכאמאָל די אורואלטע און זיך־תמיד־באנייענדיקע יידישע תיבה — — און דאָ האָט איר ווידער אויפגעשטעלט אייער אייגענע תיבה, די אייגנטימלעכע תיבה, די יידיש־קונסט־תיבה, וואָס צעזינגט ווידער „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק". וואָס פאַר — אַ פינפאונדרייסיק יאָר!

יאָ, ס׳איז נאָך נישט די צייט פאַר מאכן סך־הכל׳ען פאַר אייער קינסטלערישן וועג אין דער טראגיש־פאטעטישער תקופה פון סך־הכל׳דיקן וועג פון אונזער פאָלק.

אָבער —

דער קליינער, גאָר קליינער, טייל, וואָס איך האָב אָפּגעקליבן פון דער גרויסער שפע מאטעריאל, וואָס איז וועגן אייך געשריבן געוואָרן, זאָגט עדות וועגן אייער ווירקונג און אויפטו אין יידישן לעבן אומעטום וואו איר האָט זיך נאָר באוויזן.

וואָס נאָך קאָן אַ קינסטלער זיך ווינטשן, ווי אזא פארשידנזייטיקע און פארשידנ־שפּראכיקע איינשטימיקע אפשאַצונג און באגייסטערונג?!

און דערביי האָבן דאָס געפיל, אז דאָס איז בארעכטיקט און ריכטיק!

ווייל —

ווער נאך האָט באוויזן, ווי איר, מיט אַן אייגענעם, אייגנטימלעכן, יידיש-נוסח צו דעראָבערן אויך אזעלכע „עולם-לענדער" און „קריטיקער-פעסטונגען", וואָס דער נוסח איז זיי געווען פרעמד אדער זיי האָבן זיך פון אים אפגעפרעמדט ...?

דעם זיג פון אָט דעם אייגנטימלעכן יידיש-נוסח האָט איר דערגרייכט מיטן כוח פון אייער אייגענעם, דזשיגאנישן, קינסטלער נוסח.

ביים היינטיקן טאָג זייט איר דער בריקן-בויער פון דער יידישער טעאטער-קונסט.

איר בויט א בריק צווישן נעכטן און היינט, — איר בויט די „פריילעכע" בריק איבערן טראגישן תהום וואָס צעשיידט זיי, —

איר בויט א בריק צווישן **דאָ** און **דאָרטן**, — צווישן ישראלדיקן **דאָ** און אלע יידישע **דאָרטנס** (אדער, אויב עמיצער וויל דוקא: צווישן אלע יידישע „דאָ"ס און אלע יידנס ישראלדיקן „דאָרטן"), —

איר בויט די בריק מיט אייער „וואָס" און „וויאזוי", וועלכע זיינען תמיד געקניפּט און געבונדן אין אייער טעאטער-שאפונג.

נישטאָ היינט קיין סך טעאטער-קינסטלער, וואָס זיינען פארעקשנט צו געפינען א געהעריקן „וואָס" כדי צו שטעלן אין זיין דינסט זייער אקטיאָרישן „וויאזוי".

איר זייט פון די געציילטע פון דעם מין, נישט נאָר אין דער יידישער טעאטער-וועלט, וואָס ווילן נישט נאָר פארוויילן זייער עולם נאָר אים אויך עפּעס זאָגן.

יא, איר בויט אויך די בריק צווישן „זינגען" און „זאָגן"...

אייער **פאטירענע** בריק!

אוודאי דארף מען דערצו האָבן די קינסטלערישע זעלבסטזיכערקייט, אז מען קאָן זיך עס דערלויבן: די זיכערקייט, אז דער עולם וועט ענטפערן מיט פּעטש פון זאל פאר די פּעטש וואָס ער וועט באקומען פון דער בינע.

אבער —

דאָס איז דאָך דער נס פון דער **פאטירענער בריק**...

ליבער דזשיגאַן,
ס'איז נאָך נישט די צייט פאר סך-הכל'ען, איר זייט אין סאמע בלי פון אייער שעפערישער קינסטלערישער אקטיוויטעט, באגנוגן איך זיך דעריבער מיט דעם קורצן בריוו וואָס ווינטשט אייך לאנגע לאנגע שאפונגס-יאָרן.

אייער

ד. ב. מאלקין

# שמעון דזשיגאַן

זיכער קאָן א מענטש וויינען אין־זיך ווען ער איז אליין. אבער ער קאָן אויך לאכן אין־זיך ווען ער איז אליין. נאָר דערצו איז נויטיק ער זאָל פארמאָגן זיינס אן אייגענעם אינערלעכן חוש צו דערזען און דערהערן סיי דאָס וואָס קומט פאָר אין אים גופא און סיי וואָס עס קומט פאר ארום אים, אין זיין דרויסנדיקע סביבה.

איך מיין, אז אונזער עולם, אין ישראל, איז דער בעסטער מאטעריאל, וואָס וועלכע־עס־איז מדינה קאָן שענקען דעם הומאָריסט. דאָס יידישע פאָלק איז, שוין פון לאנגע דורות, הונגעריק אויף לאכן, אבער אנשטאָט צו שעפן פון אָט דעם קוואל די בענקענישן, דעם לאך־הונגער, און זיי פארטיפערן, — פארשיטן מיר זיי מיט געלעכטער־צוליב־געלעכטער. אנשטאָט צו דערהויבן דעם עולם און שטייגן צוזאמען מיט אים, — נוצן אויס די פריילעך־מאכערס דעם עולם׳ס ווילן צו לאכן און דערנידעריקן אים און לאָזן זיך אראָפּ צוזאמען מיט אים דורך גרינגע לאכערייקעס. אזעלכע לאכערייקעס דערגרייכט מען גרינג דורך סיטואציע־מאכערייקעס.

אבער אזוי ווי די לאכערס בלויז פון א קאָמישער סיטואציע זיינען די ערגסטע לאכערס, זיינען אויך די וואָס שאפן געלעכטער נאָר דורך קאָמישע סיטואציעס — די ערגסטע לאך־מאכערס.

★

פארוואָס־זשע שאפט זיך נישט ביי אונז דער געזונטער, פרוכטבארער הומאָר?

מיר דוכט, אז צוויי פאקטאָרן ווירקן דאָ:

דער ערשטער און הויפּט־פאקטאָר, וואָס שטערט לעת־עתה דער אנטשטייאונג פון א געזונטן פאָלקס־הומאָר, איז — דער קיבוץ גלויות. כל זמן ס׳איז נישט פאראן איין געמיינזאמע רעד־שפראך פון דעם אונגארישן עולה מיט דעם מאראָקאנישן עולה — קאָן נישט זיין קיין געמיינזאמע מענטאליטעט און ממילא איז נישטאָ קיין געמיינזאמע הומאָר־שפראך;

דער צווייטער פאקטאָר איז דאָס, וואָס מיר זיינען דאָ צעטיילט אין צוויי קלאסן — באדערפטיקע און זאטע. אויף א ליידיקן מאָגן איז שווער צו לאכן א געזונט געלעכטער פונקט ווי דאָס איז שווער ווען דער מאָגן איז צו פול.

אין גלות זיינען די צוויי הויפּט־קלאסן געווען: יידן פון איין זייט און גויים פון דער אנדערער זייט. ווייל כאָטש דאָרטן זיינען אויך געווען ביי יידן אָרימע און רייכע — און דער קבצן האָט אויסגעלאכט דעם גביר און דאָס דינסט מיידל האָט אפּגעלאכט פון דער באלעבאָסטע און דער שול־ייד האָט חוזק־געמאכט פון גבאי און פרנס — האָבן זיי אָבער אלע אינאיינעם געמאכט צושפּאט די פרעמדע רעגירונג, וועלכע האָט אנגעטאָן צרות אלע צוזאמען.

אמתדיק אָפּלאכן פון דער מדינה אין ישראל קאָן מען נישט. מען מעג — נאָר מען קאָן נישט. ווייל דער גרעסטער טייל פון דער באפעלקערונג פילט זיך — צוליב די אָדער אנדערע סיבות — אז ער גופא איז די מדינה.

אויסערדעם איז פאראן נאך א סיבה, א מער אלגעמיינע.

נישט נאָר אין ישראל, — אין דער גאנצער וועלט איז היינט פאראן א מאנגל אין הומאָריסטן. דאָס איז א דערשיינונג פון אונזער תקופה:

די וועלט לעבט, אין אלגעמיין, אין וואוילשטאנד, — טראכט מען נישט וועגן מאָרגן, און א הומאָר וואָס אין אים לעבט נישט דער מאָרגן, איז טויט שוין היינט.

אמתער הומאָר דארף היינט פארמאָגן אין זיך דעם מאָרגן.




דזשיגאַן אינם קלאַסישן בילד פון בראָדערזאָן־רעפּערטואַר: וואַסערטרעגער געשאַפן לויט א בילד פונם מאָלער ריבאַק דורכן מוזיקער בייגעלמאַן און פּאָעט בראָדערזאָן. ערשטע אקטיאָרישע קרעציע: משה פולאַווער און שמוליק גאָלדשטיין; צווייטע: דזשיגאַן און שומאַכער; דריטע: דזשיגאַן און יעקב אלפּערן.

# עטאפן



משה בראָדערזאָן

## „אַראַראַט“־הימן:

פאַרגייט א וועלט אין שווארצן שימער,
צום מבול נעמט אן עק –
עס לייגן קלאַפּסטער יונגע שווימער,
און זוכן ווו א ברעג!
דער חלל איז נאָך אלץ פאַרכמאַרעס,
עס איז נאָך ווייט פון רו...
אָן רתיבה צו דעם בארג אַראַראַט
מיר, שווימער שווימען צו!

Druk. „Progress“, Warszawa.

1925 — **טעאטער־געזעלשאפט:** דער פּאָעט און טעאטער־דיכ־
טער משה בראָדערזאָן גרינדעט — אין זיין וואוינשטאָט לאדזש — א טעאטער־געזעלשאפט, וועלכע באשטייט פון צוויי הויפט־קרייזן:

1. קינסטלער און קולטור־טוער.
2. מעצענאטן און קונסט־ליבהאָבער.

דער נאָענסטער מיטהעלפער פון בראָדערזאָנען איז, אין יענער צייט, געווען דער מאָלער ראָמאן ראָזענטאל.

די געזעלשאפט איז געוואָרן אנגעפירט דורך אַ פארוואלטונג, צוזאמענגעשטעלט פון פאָר־שטייער פון די קרייזן.

**יידישע דראמאטישע סטודיע:** משה בראָדערזאָן מאַכט אַ ווייטער־דיקן שריט און עס ווערט געגרינדעט די יידישע דראמאטישע סטודיע. אין דער סטודיע קומען פאַר נאָרמאַלע לימודים אויף אַלע געביטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט טעאַטער־קונסט.

צווישן די סטודיע־לערער זיינען געווען די אָנגעזעענסטע טעאַטער־קינסטלער, יידישע און אויך נישט־יידישע, ווי, למשל, דער באַרימטער רעפאָרמאַטאָר פון פוילישן טעאַטער, דער רעזשיסער און טעאַטראָלאָג **לעאָן שילער** און דער באַקאַנטער שוישפּילער און רעזשיסער קאַרל אַדוואַנטאָוויטש.

די סטודיאַנטן זיינען געווען פאַרפּליכטעט צו לערנען אַ גאַנצן טאָג. בעת דער גרינדונג זיינען אָנגעקומען ביי אַכציק סטודיאַנטן, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות — קינסטלערישע אָדער מאַטעריעלע — זיינען פאַרבליבן נישט מער ווי אַ צוואַנציק; זיי זיינען געוואָרן דער קערן פונם סטודיע־טעאַטער און שפּעטער — פון „אַראַראַט".

די סטודיע האָט אָנגעהויבן אויפטרעטן עפנטלעך. אַלע טעכנישע אַרבעטן זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך זיי און דורך די מיטגלידער פון די קרייזן.

ומען האָט אַפּט געקאָנט זען באַקאַנטע לאָדזשער פאַבריקאַנטן, דאָקטוירים, געזעלשאַפטלעכע טוער, אין דער ראָל פון קאַסירערס, בילעטערן, אָרד־נערס א. א. וו.

די סטודיע־אַקטיוויסטן אין יענער צייט זיינען געווען: זיסעלע גירל־גאָרליצקאַ, שמעון דזשי־גאַן, ליאַליא זילבערמאַן, לענאַ מאַן, משה נעל־קען (אומגעקומען), משה עלבוים, — ערשטער קאָנפעראַנסיע (איצט — מיטאַרבעטער פון ניו־יאָרקער „פאָרווערטס"), משה פולאַווער (איצט — אין אַמעריקע) מאַניאַ פּעטערמאַן (אומגעקומען), יעקב קאַסמאַן (אומגעקומען), מאָטל קאָרן (אומ־געקומען) יעקב ריינגלאַס (איצט — קאַנאַדע), שיינע מרים — בראָדערזאָנס אַלמנה — זי איז אויך געווען צווישן די לערער (טאַנץ);

דערנאָך זיינען צוגעקומען: מאַריאַ דאָלסקאַ, פרוי ראָזענבערג, ישראל שומאַכער, אַליאַ שליפּקאָ־וויטש.

**„אַראַראַט"־טעאַטער:** אויפן יסוד פון די סטודיע־דערפאָלגן גרינדעט בראָ־דערזאָן דעם מיט־דער־צייט אַזוי פּאָפּולער געוואָ־רענעם טעאַטער „אַראַראַט".

דער „אַראַראַט"־טעאַטער איז געבויט געוואָרן אויף קאָלעקטיווע יסודות. אַלע „אַראַראַט"־מיט־גלידער, — די פריערדיקע סטודיאַנטן, אָן פּראָ־פעסאָנעלע אַקטיאָרן, — זיינען געווען פאַרפּליכ־טעט צו שפּילן די ערשטע צוויי יאָר אָן געהאַלט. אויך דער טעכנישער פּערסאָנאַל — דער עלעקט־ריקער יערוזאַלימסקי (היינט — ירושלמי, דער עלעקטריע־אויפזעער אין קאַפּלאַן־שפּיטאָל אין רחובות) און דער בינע־אַרבעטער מאָטל קאָן — האָט געאַרבעט אָן געלט.

איינער פון די אָנגעזעענע אַראַראַט־מעצענאַטן אין יענער צייט איז געווען דער פאַבריקאַנט מלך ראָטבאַרט (איצט — אין ישראל).

דער ערשטער פּראָגראַם איז אויפגעפירט געוואָרן דורך אַ קאָלעקטיווער רעזשי.

די נאָענטסטע דריי פּראָגראַמען זיינען רעזשי־סירט געוואָרן דורך שמעון דזשיגאַן און משה פולאַווער.











פון רעכטס, ערשטע רייע: שיינע-מרים, בעבי האריסאָן, קלארא סעגאלאָוויטש
צווייטע רייע: עמא סאובער, מאשע פעסטערמאן, שימען דזשיגאן
דריטע רייע: ישראל שומאכער, גאָלדשטיין, בירנבוים











פון רעכטס, ערשטע רייע: בערגמאן, אָפענהיים, ברין
צווייטע רייע: פילאווער, בערמאן, רובין
דריטע רייע: קראַנץ, קורץ, ליבערמאן

פּראָגראַם א. 3. אַ גדולה אויף דער באָבע!...
לאָך־פּאַראַד אין 2 טייל, 19 בילדער.
רעזשי פון ש. דזשיגאַן און י. שומאַכער

1. „אַראַראַט"־הימן, טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין - אַנסאַמבל.
2. אולאַנער רייטן... טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין.
טאַובער, פּעטערמאַן, בערגמאַן, בירנבוים, גאָלדשטיין, פּולאַחער.
3. שלאָגלער. ט.: מ. בלעכער, מוזיק: ה. רובין, - שיינע מרים, דזשיגאַן.
4. דער מאַרעל... טעקסט: א. פּאַראַנאַ - סעגאַלאָוויטש, שומאַכער, בערגמאַן.
5. פּאַר אָנזער גליק טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: א. ביגעלמאַן.
האַריסאָן, אָפּענהיים.
6. די קוקאַוועקע. טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין.
טאַובער, פּעטערמאַן, בירנבוים, גאָלדשטיין און פּולאַווער.
7. שלום־בית... טעקסט: מ. נאָדעלמאַן
פּעטערמאַן, שיינע מרים, בערגמאַן, גאָלדשטיין און דזשיגאַן.
8. הערשעלע קרוין... טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: א. ביינעלמאַן.
עמאַ טאַובער.
9. אָן אַ גביר... מאָנאָלאָג פון י. אַבעזשאַנעק און י. ש. גאָלדשטיין.
שמעון דזשיגאַן
10. קוואַ־קוואַ־קוואַרטעט. טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין.
טאַובער, אָפּענהיים, בירנבוים, בערגמאַן, גאָלדשטיין, שומאַכער.
הפסקה 10 מינוט.
11. די לוסטיקע בריגאַדע. טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין.
בירנבוים, בערגמאַן, גאָלדשטיין, דזשיגאַן, פּולאַחער, שומאַכער.
12. סאַנצנדיקע פּיס! טעקסט: בראָדערזאָן, מוזיק: רובין האַריסאָן.
13. גלאַס אַזוי... טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין.
סעגאַלאָוויטש, שומאַכער.
14. מחילה בעטן... טעקסט: פון טונקעלען מוזיק: ה. רובין.
בירנבוים, גאָלדשטיין
15. א) זולייקאַ כאַנים | לידלעך פון אַבותוס־ין ב ע ן־סולימאַן.
ב) אַלאַה! אַלאַה! | טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: מ. אָפּענהיים.
מנשה אָפּענהיים.
16. באָקס מעטש... טעקסט: י. אַבעזשאַנעק און י. ש. גאָלדשטיין.
דזשיגאַן שומאַכער און בערגמאַן.
17. ליידיקע הענט. טעקסט: א. פּראַטנער, מוזיק: ה. רובין שיינע מרים.
18. היים איז די נאַכט! טעקסט: מ. בראָדערזאָן, מוזיק: ה. רובין.
האַריסאָן, אָפּענהיים.
19. חברה קאַליקעס... טעקסט: גאָלדשטיין, מוזיק: רובין אַנסאַמבל.
לידלעך:
א) ס'גיט מיר נישט אין ליבע. טעקסט: בראָדערזאָן, מוזיק: ביגעלמאַן.
ב) איך היים חלאַרעק. טעקסט: פּערלאָח, מוזיק: ה. רובין.
אויסגעפירט דורך חל. נאַדריק.

מוזיק־ליטונג: ה. רובין. רעקאָראַציעס: א. ליבערמאַן, קאָסטיומען: ר. פּאַטוס, בינע־ליטונג: ב. שוואַרצשטיין, כאָרעאָגראַפיע צו די נומערן 5 און 19: יאַן חויטשעשקאַ, קאָנפעראַנסיער: חל. נאַדריק.

„ARARAT"
Kier. art. M. BRODERSON
„אַראַראַט"
קינסט. אָנפ. משה בראָדערזאָן
VIII ROK יאָר
TEATR „NOWOŚCI" BIELAŃSKA 5
טעאַטער „נאָוואָסטשי" ביעלאַנסקאַ 5
SEZON 1934/35 סעזאָן
PROGRAM I. (XXXIV) פּראָגראַם I.
A GEDYLE OJF DER BUBE!
אַ גדולה אויף דער באָבע!

דער ליטעראַרישער לייטער איז די גאַנצע צייט — אויך שפּעטער, אין ראַטנפאַרבאַנד — געווען משה בראָדערזאָן.

**צווישן די שרייבער־הומאָריסטן:** וועלכע האָבן סטאַביל מיט־געאַרבעט מיטן „אַראַראַט", זיינען געווען: אַבאַזשאַנעק, י. ש. גאָלדשטיין (דער לוסטיקער פּעסימיסט), יוסף טונקעל (דער טונקעלער), מ. נודעלמאַן, און — **געבירטיק**, וואָס כמעט אַלע זיינע לידער זיינען געזונגען געוואָרן פון דער „אַראַראַט"־בינע.

**צווישן די מוזיקער־קאָמפּאָזיטאָרן:** דוד בייגעלמאַן, שאול בערעזאָווסקי, הענעך קאָן, הערצקע רובין, שאַיעוויטש.

**צווישן די מאָלער:** יאַנקל אַדלער, בלום (איצט — אין פּאַריז), יצחק ברוינער, דינה מאַטוס, ראָמאַן ראָזענטאַל.

**צווישן די כאָרעאָגראַפן:** יהודית בערג, שמעון דזשיגאַן (מאַסן־און טאַנץ־סצענעס) פּרושיצקאַ, שיינע מרים.

1932 — **וואַרשע:** נאָכן ערשטן פּראָגראַם מיט דער באַנדע איז דער טעאַטער געוואָרן אַנגעפירט און רעזשיסירט געמיינזאַם דורך שמעון דזשיגאַן און ישראל שומאַכער.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביזן אויסברוך פון דער



**דזשיגאַן און שומאַכער אין פילם „אונזערע קינדער"**

צוויטער וועלט־מלחמה און היטלער־קאַטאַסטראָ־
פע.

**אין פילם:** אין יענע ערב־קאַטאַסטראָפע־יאָרן
האָבן דזשיגאַן און שומאַכער געמאַכט
זייערע דערפאָלגרייכע שריט אין דער פילם־
קונסט.

אין 1935 האָבן די פילם־פּראָדוצענטן, די ברידער
יצחק און ישראל גאָסקינד, — וועלכע האָבן אין
1932 געגרינדעט די פילם־געזעלשאַפט „סעק־
טאָר", וואו די גאַנצע פּראָדוקציע איז געמאַכט
געוואָרן דורך יידן, — געשאַפן דעם ערשטן
יידיש־רעדנדיקן פילם „על חטא". דעם סצענאַר
האָט געשריבן י. מ. ניימאַן, רעזשיסירט האָט
אַלעקסאַנדער מאַרטען, מוזיק — הענעך קאָן,
דעקאָראַציע — יאַנקל אַדלער; צווישן די באַטיי־
ליקטע שוישפּילער זיינען געווען — חבל בוזגאַן,
רחל האָלצער, אברהם מאָרעווסקי, קורט קאַטש;
די הויפּט־ראָלן האָבן געשפּילט שמעון דזשיגאַן
און ישראל שומאַכער.
„על חטא", דער פילם מיט דזשיגאַן און שומאַכער,
איז געווען דער ערשטער יידישער פילם, וואָס
איז אויפגענומען געוואָרן אויף בראָדוועי אויף
קאָמערציעלע יסודות, און האָט דערמיט געדינט
אויך ווי אַ דערמוטיקונג פאַר אַ יידישער פילם־
פּראָדוקציע אין אַמעריקע.

דזשיגאַן און שומאַכער האָבן דערנאָך אויפֿגעפֿירט, — רעזשי: זשאַנאָ, — א פילם, לויט משה בראָדערזאָנס סצענאַריא, „פריילעכע קבצנים“, אין וועלכן עס האָט זיך אויך באטייליקט שמוליק גאָלדשטיין.

א דריטער פילם מיט דזשיגאַן און שומאַכער אין די הויפּט־ראָלן איז געווען „אַן א היים“, מיט דער באטייליקונג פון אידא קאַמינסקא.

**מלחמה־יאָרן — ראַטנפאַרבאַנד:** נאָך פאַרשידענע רדיפות און ארעסטן באנייען שמעון דזשיגאַן און ישראל שומאַכער זייער געמיינזאַמע קינסטלערישע טעטיקייט און שאַפן דעם דזשיגאַן־שומאַכער־טעאַטער.

**1947—49 — פּוילן:** מיטן אומקערן זיך פון ראַטנפאַרבאַנד ווערט באַנייט דער דזשיגאַן־שומאַכער־טעאַטער אין נאָך־מלחמה׳דיקן פּוילן.

אויך אין יענער צייט דערשיינען שמעון דזשיגאַן און ישראל שומאַכער אין דער פילם־קונסט. די פון אומקום־געראַטאַוועטע יידישע קינדער) גאָסקינד, שאַפן א פילם „אונזערע קינדער“ (וועגן די פון אומקום־געראַטאַוועטע יידישע קינדער; רעזשיסירט האָט נתן גראָס און די מוזיק האָט קאָמפּאָנירט שאול בערעזאָווסקי, די שפּילער זיינען געווען די קינדער גופא, און — דזשיגאַן און שומאַכער אין די הויפּט־ראָלן.



אין מאָסקווע: דזשיגאַן, בראָדערזאָן, מ י כ אָ ע ל ס, שומאכער



1950 — **ישראל:** אין 1950 זיינען די צוויי קינסטלער געקומען קיין מדי־נת ישראל און זיי געשאפן זייער דזשיגאן־שומא־כער־טעאטער, וואָס האָט געשפילט אין לאנד און אַרויסגעפאָרן, אויף לענגערע תקופות, אויף גאסט־ראָלן קיין אויסלאנד. ישראל שומאכער איז נאָך א שווערער קראנקהייט געשטאָרבן אין תל־אביב.

**דזשיגאן־טעאטער:** שמעון דזשיגאן האָט — אונטער דער געשעפטלעכער אנפירונג פון **יצחק גאָסקינד**, וועלכער איז זיין פארטרויאונגס־מאן פון זינט זיין קומען קיין ישראל — פארפעסטיקט און אויסגעברייטערט זיין אייגענעם טעאטער, וואָס ווערט אנערקענט, סיי אין ישראל און סיי אין דער וועלט, ווי דער ישראלדיקער סאטירע־טעאטער.

# שמעון דז׳יגאן על סאטירה, על מבקרים, על הקהל, וכן - על עצמו

„הומור מתגלגל כאן ברחובות" — זועק דזיגאן — „ואיש אינו טורח להרימו. היכן כל ההומוריסטים המצויינים שהיו לנו בפולין? בישראל פג חוש ההומור והמצב הולך ורע מיום ליום. לא מקרה הוא שאין בישראל לא עתון הומוריסטי ולא תיאטרון סאטירי" — מתריס השחקן.

„כלום זו באמת אשמתנו שאין לנו הומור כזה כפי שהיה בפולין?" שאלתי.

„לא אמרתי שמישהו אשם בכך. ייתכן שאיש אינו אשם. בעצם היה ההומור היהודי בגולה כעין אמצעי הגנה, והוא פרח דווקא בתקופות של רדיפות. היה זה צחוק מהול דמעות" — מסביר דזיגאן. „ואילו כאן, בתנאים השונים, טרם נולד הומור יהודי ספציפי. במידה שהוא קיים, הוא הומור גויי".

### מן הגויים ומן הגוש המזרחי

„מאין שואב אתה איפוא את החומר לסאטירות שלך?"

„מובן שבחלקו הרב החומר הוא פרי עטם של הומוריסטים החיים בישראל, אך האמן לי שכל תכנית שלי היא פרי עבודה קשה וממושכת מאוד. בתכנית „אבי געזונט" השתתפו לא פחות מחמשה עשר מחברים. ולא תאמין, אך אני חייב להשתמש בחומר משל הגויים, שאותו אני מעבד ומתאם למציאות שלנו. במיוחד טוב הוא בשבילנו חומר מארצות הגוש המזרחי. הבעיות בארצות כגון פולין או רומניה, קרובות לעתים מאוד לבעיותינו אנו: שלטון המפלגה, קצת שחיתות, פרוטקציה, הפליה וכדומה".

דזיגאן נכנס ל„טראנס", אך אין זה אותו

# שמעון דזשיגאן וועגן סאטירע, קריטיקער, עולם - און אויך וועגן זיך

„הומאר וואלגערט זיך אין די גאַסן" — שרייט דזשיגאַן — „און קיינער באמיט זיך נישט עס אויפצוהויבן, ווו זיינען די אלע אויסגעצייכנטע הומאָריסטן, וואָס מיר האָבן געהאַט אין פוילן? אין ישראל האָט זיך אויסגעלאשן דער חוש פאר הומאָר אין דער מצב ווערט וואָס אמאָל ערגער. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין ישראל איז נישטא נישט קיין הומאריסטישע צייטונג און נישט קיין סאטיריש טעאטער", רופט ער אויס.

„איז דען דאָס אונזער שולד, וואָס מיר האָבן נישט קיין הומאָר ווי עס איז געווען אין פוילן?" האב איך אים געפרעגט.

„איך האָב נישט געזאגט אז אימיצער איז שולדיק אין דעם. פאקטיש איז דער יידישער הומאָר אין פוילן געווען אַמין פארטיידיקונסטמיטל, און ער האט דווקא געבליט אין די תקופות פון פארפאלגונגען. דאָס איז געווען אַ געלעכטער דורך טרערן" — דערקלערט דזשיגאַן. „אבער דאָ, אין די געענדערטע באדינגונגען, איז נאך נישט אנטשטאנען דער ספעציפישער יידישער הומאָר, אויף וויפיל עס עקזיסטירט דא ביי אונז הומאר איז דאס גוישער הומאָר".

### פון די גויים און דעם מזרח בלאָק

„איז פונוואַנען שעפט איר אייער סאטירישן מאטעריאל?"

„קלאר אז א גרויסער טייל איז געשריבן דורך די הומאריסטן, וועלכע לעבן אין ישראל, אבער, גלייבט מיר, אז יעדער פון מיינע פראגראמען ווערט געמאַנט דורך שווערע און לאנגדויערנדע ארבעט. אינעם פראגראם „אבי געזונט" האָבן זיך

דזיגאן שעל הבמה. הוא רציני, אולי אני טועה. ייתכן שגם על הבמה הוא רציני, אלא שאנחנו איננו מבינים זאת. עתה הוא ממשיך להרצות:

„חומר המשחק של תיאטרון סאטירי חייב לשקף את הצדדים החלשים של המאורעות הפולי־טיים והציבוריים היום־יומיים, שהיום הם אקטוא־לים ומחר לא. החומר צריך להיכתב „בשעת מעשה" ולהיות מוגש כשהוא מפרפר ממש. אין איפוא כל חטא אם חומר כזה לוקה לפעמים מבחינת רמתו הספרותית, ודי בכך אם ה„אספרי", שנינות וצורת הביצוע משלימים את מה שפגום מבחינה ספרותית.

„מדוע שונה היא התכנית „אבי געזונט" מכל תכניותיך הקודמות מבחינת המבנה?" אני שואל.

„אמנם חששתי לבנות תכנית כה שונה מתכנ־יותי הקודמות, אך אחרי סיורי האחרון באמריקה החלטתי להקדיש את מחצית התכנית לסאטירה על המתרחש באמריקה. קודם כל בעית היורדים. אינני יכול להסביר לך מה כאובה היא הבעיה הזאת לא רק ליורדים עצמם, ולא רק לנו הישרא־לים, אלא גם ליהודים באמריקה. רציתי להראות לצבור, כי היורדים אינם פושעים, אלא לכל היותר אנשים אומללים שעשו שטות, אך יש כאן גם נקודה שניה. גם באמריקה עצמה אין כל תיאטרון סאטירי ואין סאטירה. כאשר התיירים האמריקניים באים לתיאטרון שלי ורואים כיצד הצבור הישראלי מגיב על הלצות שנאמרו על חשבונו בצחוק וברוח טובה, לומדים הם כי מותר גם להם לצחוק על עצמם, וברצוני ללמד גם את האמריקנים סאטירה".

„מהו סוד הצלחתך, מר דזיגאן, גם עכשיו, כשהיהדות הפולנית הגדולה כבר איננה?"

### „שליח" ושמו דזיגאן

„אני יודע שהקהל אוהב את התיאטרון שלי, כי הוא מרגיש שגם אני אוהב אותו, וכל ההלצות

באטייליקט נישט וויניקער ווי 15 שרייבער. און איר וועט נישט גלויבן, אָבער איך מוז מיך באנוצן אויך מיט גוייִשן מאטעריאל, וועלכן איך באארבעט און פאס־צו אונזער ווירקלעכקייט. דער בעס־טער מאטעריאל פאר אונז איז דער וואָס קומט פון די לענדער פונעם מזרח־בלאָק. די פּראָבלע־מען, ווי למשל, אין רומעניע און פוילן, זיינען זייער אפּט ענלעך צו די פּראבלעמען ביי אונז אין לאנד. פּארטיי־הערשאַפט, אַביסל דעפּראודא־ציעס, פּראטעקציע, דיסקרימינאציע. א. א. וו. און א. א. וו.

דזשיגאן איז אריין אין „טראנס", אבער דאָס איז נישט דערזעלבער דזשיגאן וואָס אויף דער בינע. ער איז ערנסט. אפשר האב איך אַ טעות. מעגלעך, אז אויך אויף דער בינע איז ער ערנסט, נאר מיר פארשטייען עס נישט. איצט זעצט ער פאָר זיין רעפעראַט.

„דער שפּיל־מאטעריאל פון אַ סאטירישן טעא־טער דארף אפשפּיגלען די שוואכע זייטן פון די טאג־טעגלעכע פּאליטישע און געזעלשאפטלעכע געשעענישן, וואָס היינט זיינען זיי אקטועל און מאָרגן נישט. דער מאַטעריאל דארף געשריבן ווערן „בשעת מעשה" און דארף דערלאנגט ווערן נאך גאָר גאר צאַפּלדיקערהייט. דערפאר איז עס נישט קיין עבירה אויב טייל־מאל געפינט זיך נישט דער מאטעריאל אויף אַ געהעריקער ליטע־ראַרישער הויך. געוויס נאר אין פאל, אויב דער שארפער „עספּרי" און די פאָרם פון דער אויס־פירונג פארפולקאמט דאס וואס פעלט אין ליטע־ראַרישער הינזיכט.

„פּארוואָס איז דער פּראגראם ,אבי געזונט' אנדערש געבויט ווי אלע אייערע פריערדיקע פּראגראמען?" — האָב איך אים געפרעגט.

„אביסל האָב איך מורא געהאט צו בויען דעם פּראָגראם אנדערש פון מיינע פריערדיקע פּראָג־ראמען, אבער נאָך מיין לעצטן טור אין אמעריקע,

שלי על חשבונו אינם אלא „פצעי אוהב". יודע אתה מה שאמרו לי באמריקה? כי אני מלמד אותם לאהוב את ארץ ישראל עם חסרונותיה, ואני חושב שזו עבודה יותר חשובה מזו של השליחים למיני־הם המספרים רק טובות על ישראל. ומה שנוגע לקהל הישראלי, אומר לך: אלי באים לא רק יהודים שאינם מבינים עברית, כי אם עברים המבינים אידיש, כי אלה כאלה רוצים לדעת כיצד אגיב על המאורעות המתרחשים סביבם".

„האם כל הקהל בישראל דומה זה לזה, או שהוא שונה במקומות השונים?"

דזיגאן הצית סיגריה מי־יודע־כמה והשיב בנחת:

„להוי ידוע לך, כי אני מנהל סטטיסטיקה של הקהל הזה, ואיני חושש לומר לך, כי הקהל הטוב ביותר שלי הוא, כמה שלא ייראה מוזר הדבר, בירושלים. במקום השני באה חיפה, לא מבחינת הקופה אני מתכוון, שיהיה לך ברור, כי אם מבחי־נת התגובה על הנעשה על הבמה. אחרי חיפה באות נתניה וחולון, ורק אחריהן — תל־אביב. מדוע? גם זה אסביר".

עכשו אני מתחיל לשפשף ממש את עיני: האם זה דזיגאן? אלמלא האידיש העסיסית המיוחדת במינה שלו, הייתי אומר שבאזני מרצה מורה לספרות. ודזיגאן ממשיך:

„הקהל שבא לחזות בתיאטרון סאטירי אינו קהל מקרי אלא קהל מובחר, בעל חוש הומור מעודן המסוגל לתפוס באויר ממש את הניואנס הקל ביותר בתוכן ובנימה. קהל כזה נחון במדה לא פחותה של „אספרי" מהמחבר או השחקן העו־מד מולו פנים אל פנים. הן הקהל, הן המחבר והן האמן הנם בני זוג שוים, יותר נכון — יריבים שוים המשחקים משחק פינג־פונג תיאטרלי משו־תף מן הבימה ומאולם הצופים. וכשם שהומוריסט הסאטירה חיב להיות מצויד בכשרון להטיל במהירות אימרות שנונות, משחקי־מלים בצורת

האָב איך באשלאסן צו ווידמען אַ העלפט פון מיין פראָגראם אויף דעם וואָס געשעט אין אמעריקע. קודם כל דאס פראבלעם פון די יורדים. איך קען אייך נישט דערקלערן ווי אָנגעווייטיקט איז דאס פראבלעם נישט בלויז פאר די יורדים זעלבסט, נישט בלויז פאר אונז אין ישראל, נאר אויך פאר די יידן אין אמעריקע, איך האָב געוואָלט באווייזן דער געזעלשאַפט, אַז די יורדים זיינען נישט קיין פארברעכער, נאר העכסטנס מענטשן אומגליקלע־כע וואָס זיינען באגאנגען אַ נארישקייט. אבער דא איז פאראן נאך אַ פונקט. אויך אין אמעריקע גופא איז נישטא קיין סאטיריש טעאטער און קיין סאטירע. ווען די אמעריקאנער טוריסטן קומען אין מיין טעאטער און זעען וויאזוי די ישראלדיקע געזעלשאפט רעאגירט אויף די וויצן וואָס ווערן געמאַכט אויף זייער חשבון מיט געלעכטער און צופרידנהייט, לערנען זיי דערפון, אַז אויך זיי מעגן לאכן פון זיך. און איך וויל לערנען די אמע־ריקאַנער וואָס איז סאטירע".

„וואָס איז דער סוד פון אייער הצלחה, הער דזשיגאַן, אויך איצט ווען דאָס גרויסע פוילישע יידנטום איז שוין נישטא?".

### דזשיגאַן — דער „שליח"

„איך ווייס אַז דעם עולם האָט ליב מיין טעא־טער און ער פילט אז אויך איך האָב אים ליב, און אלע מיינע וויצן אויף זיין חשבון זיינען נאָר „ליבע־קלעפ". ווייסט איר וואָס מען האָט מיר געזאָגט אין אמעריקע? אַז איך לערן זיי ליב האָבן ישראל מיט אלע אירע חסרונות, און איך מיין אַז דאס איז אסך וויכטיקער פון די אלע מינים שליחים, וואָס דערציילן נאָר גוטס וועגן ישראל. און וואָס איז שייך דעם ישראלדיקן עולם, זאָג איך אייך: צו מיר קומען נישט נאָר די יידן. וואָס פארשטייען נישט העברעיש, נאָר אויך העברעיש־רעדנדיקע, וואָס פארשטייען יידיש,

מונולוגים וסקצ׳ים, כן צריך שצופה הסאטירה יהיה מצוייד באמנות של תפיסה והחזרה, בצורת צחוק ותשואות. זהו הסימן כי האמן והצופה מבי־נים זה את זה. עכשו תבין ודאי את ההבדלים הקיימים בין הקהל בערים השונות. אני איני מצחיק את הקהל לשם צחוק, אלא מגיב על כל המתרחש בעולמנו הקטן והגדול. הקהל שלי מוכרח לקרוא עתונים ולהיות בקי בכל הנעשה כדי שיוכל להגיב, ומבחינה זאת הקהל הירושלמי הוא האחיד והטוב ביותר. גם הקהל בחיפה הוא טוב, כי הוא בחלקו הרב פועלי־ותיק, בעל חינוך פו־ליטי־צבורי, בעוד הקהל התל־אביבי הוא מעורב וגם כושר קליטתו מעורב. אתה ודאי אינך יודע מה פירוש „שפילן גרעבער״ (לשחק יותר עבה). כשאני מרגיש שהקהל אינו מגיב כנדרש, אנו מוכרחים „לשחק יותר עבה״, אך כשהקהל מגיב בעירנות, די בתנועה קלה, ברמז דק, בקריצת עין כדי שהקהל יצחק. מבחינה זאת מותר לי לומר, כי הקהל שלנו חייב לשחק והוא משחק יחד אתנו״.

### · כיצד נשלח ל„עזאזל״

שמעון דזיגאן, אחד מגדולי השחקנים היהו־דיים, שהוא מוסד בפני עצמו, בא, לדבריו, אל הבימה במקרה. בעצם, לא הרבה חסר והוא היה תופס ודאי היום את מקומו של מאנדי בתור מאמן כדורגל, כי דזיגאן הצעיר היה הרוח החיה באגודת הספורט „בר כוכבא״ בלודז. אלא שבאחת המסיבות חיקה כמה עשרות מהנוכחים ומשה ברור־דרזון שגילה אותו, שלח אותו ל„עזאזל״ — פשוטו כמשמעו, כי זה היה שמה של הלהקה הידועה אז. מאז נמשכת שרשרת דזיגאנית בלתי פוסקת בכל מיני גלגולים. סטודיו של 180 חברים, להקה בשם „אררט״ עם השלישיה הפופולרית: דזיגאן, שומכר וגולדשטיין. חיפושי־דרך „אוונגרדיסטיים״ ממש, שאפשר לסכמם בשני הישגים חשובים

ווייל די און יענע ווילן וויסן וויאזוי איך רעאגיר אויף די געשעעענישן וואָס קומען פאַר ארום זיי״.

„איז דער גאנצער ישראלדיקער עולם ענלעך צו זיך, אדער ער איז פארשידן אין פארשידענע ערטער?״

„איר דארפט וויסן אַז איך פיר אַ סטאטיסטיק פון דעמדאזיקן עולם, און איך האָב נישט מורא צו זאָגן, אַז מיין בעסטער עולם איז, ווי מאדנע עס זאָל נישט קלינגען, אין ירושלים. אויפן צווייטן אָרט קומט חיפה. איך מיין נישט פון קאַסע־שטאנדפונקט, איך וויל אַז דאָס זאָל אייך זיין קלאָר, נאָר וויאזוי מען רעאגירט אויף דעם וואָס עס קומט פאָר אויף דער בינע. נאָך חיפה קומט נתניה און חולון, און ערשט נאָך זיי — תל־אביב. איך וועל אויך דאָס אייך געבן צו פארשטיין״.

איצט ערשט עפענען זיך מיינע אויגן: איז דאָס דזשיגאן? ווען נישט זיין ספעציפיש־אייגנארטיקער זאפטיקער יידיש, וואָלט איך גע־זאגט, אַז איך הער מיך צו צו אַ לעקציע פון אַ ליטעראטור־פראָפעסאר. און דזשיגאַן זעצט פאָר:

„דער עולם וואָס קומט אין אַ סאטירישן טעאטער איז נישט קיין צופעליקער עולם, נאָר אַ געקליבענער עולם; מענטשן מיט אַן אויס־קריסטאליזירטן חוש פאר הומאר וואס איז מסוגל אויפצוכאַפן ממש אין דער לופט דעם דינסטן ניואנס פונעם אינהאלט און טאָן. דערדאזיקער עולם פאַרמאָגט ,עספרי׳ נישט ווייניקער פונעם מחבר און דעם אקטיאָר, וואָס געפינט זיך אויף דער בינע, פנים אל פנים, מיט אים. סיי דער עולם, סיי דער מחבר און סיי דער קינסטלער זיינען גלייכע צדדים. ריכטיקער — גלייכע שפי־לער וועלכע שפילן אַ טעאטראלישן שותפותדיקן פינג־פאָנג אויף דער בינע און אין פובליקום־זאַל. און פונקט ווי דער סאטירישער הומאריסט דאַרף האָבן טאלאנט צו ווארפן אין אַ געהעריקער שנעלקייט שארפע ווערטלעך, וואָרט־שפילן אין



אמאל

שהטביעו את חותמם על התיאטרון היהודי בימים ההם: הכנסת הניב היהודי העממי על הבמה במקום הניב הוילנאי־המלאכותי, והפלאסטיקה של שאגאל, ריבק ודומיהם שקדמה לטקסט („הציורים דמו אצלנו לטקסט ולא להיפך" — אומר דזיגאן).

שמעון דזיגאן מזכיר עכשו בתוגה את האל־בום הגדול שאבד לו בסערת המלחמה, ובו הערו־תיהם של גדולי המבקרים, ביניהם של אלפרד קר שמצא לנכון לציין בפולין שלושה תיאטראות: „רדוטה", „פולסקי" ולהקתו של דזיגאן. כן נמצאו באלבום זה הערכותיהם של ז'בוטינסקי וטריס־טאן ברנארד. כל זה הלך לאיבוד — נאנח דזיגאן.

אני מפסיק את חוט זכרונותיו של השחקן. „מר דזיגאן" — אני אומר — „המבקרים מתחו



און היינט

דער פאָרם פון מאנאלאגן אדער סקעטשן, דאַרף דער צושויער פון סאטירע זיין פעיק עס אויפצו־כאַפּן און צוריק־וואַרפן אין דער פארם פון גע־לעכטער און אַפּלאדיסמענטן. דאָס איז אַ סימן אז דער קינסטלער און דער צושויער פארשטיין איינער דעם אנדערן. איצט פארשטייט איר שוין די אונטערשידן, וועלכע עקזיסטירן צווישן פובלי־קום אין פארשידענע שטעט. מיין עולם מוז לייענען צייטונגען און זיך גוט אריענטירן אין אלץ, כדי ער זאל קענען רעאגירן. און אין דער הינזיכט, איז דאס ירושלימער פובליקום דאָס בעסטע. אויך דער עולם אין חיפה איז אַ גוטער,

בקורת על אי אלה מספרים מהתכנית האחרונה שלך. מה דעתך על כך?"

„הרבה מבקרים תיאטרליים טועים, כשהם מודדים את תכניתו של תיאטרון סאטירי באותה מידה, בה מודדים יצירה קלאסית הנכתבת על ידי מחבר שעובד עליה שנים ויצירה זו גם אקטואלית שנים רבות.

מבקרים רבים שוכחים כי תיאטרון סאטירי, ביחוד בישראל חייב למלא את מקומו של עתון או כתב־עת הומוריסטי שאינו קיים אצלנו.

וכדומה לעתון כן גם תכנית סאטירית חייבת להתחלף מהר. כי גם התימטיקה מתחלפת יחד עם המאורעות. לפיכך צריך שגם הגישה הבימאית והשחקנית בתיאטרון סאטירי תהיה שונה. היא חייבת להיות מהירה בעיתוי, מרוכזת, שנונה בניצול כל היסודות של אמנות המשחק, על מנת לנצל את החומר בתפקיד תוך דקות ספורות. לשחקן אין זמן ל„חיפושים" ו„התלבטויות". ולכן גם אין המבקר התיאטרוני של תכנית סאטירית חייב ל„חפש" ו„להתלבט". למבקר נשאר רק לקבוע, אם הנקודות הנדונות בנושאים השונים השיגו את מטרתן במשימה שהתיאטרון הסאטירי הציג לעצמו או לא.

עובדה זו ניתנת למדידה רק בעזרת התגובה הספונטנית של כל נקודה לחוד ושל מכלולה כלפי הצופה והמבקר, וזאת רק בשעת ההצגה עצמה.

אוי ואבוי להומור־בזק שמניחים אותו על גבי שולחן הניתוחים ומתחילים לנתח באופן תיאורטי אם הלצה זו או אחרת, משחק־מלים, קלמבור, המצאת־פתע זו או אחרת, היו צריכים לעורר צחוק או לא.

קהל הצופים חייב להיות אינטליגנטי ובקי במאורעות יום־יום הפוליטיים והצבוריים, לא רק מתחת לאפם, אלא גם בכל המאורעות העולמ־יים. לקהל כזה לא יוכל לבוא המבקר התיאטרוני, יהיה גם הטוב ביותר, ולהטיל עליו את דעתו

ווייל ער באשטייט אין גרעסטן טייל פון ארבעטער מיט אַ פאליטיש־געזעלשאפטלעכער דערציאונג. דאקעגן דער תל־אביבער עולם איז אַ געמישטער און אויך זיין אויפנעם־פעיקייט איז א מין געמיש. איר ווייסט געוויס נישט וואָס הייסט „שפילן־גרעבער" (שפילן מער גראָב). ווען איך פיל, אז דאָס פובליקום רעאגירט נישט אזוי ווי מען דאַרף, מוזן מיר שפילן מער גראָב אבער ווען דער עולם רעאגירט לעבעדיק, איז גענוג אַ לייכטע באווע־גונג, אַ דינע אָנצוהערעניש, אַ מאַך מיטן אויג, אז דער עולם זאָל לאַכן. פון דעם שטאנדפונקט מעג איך זאָגן, אז אונזער עולם דארף שפילן און ער שפילט צוזאמען מיט אונז".

## ווי אזוי איז דזשיגאַן געגאנגען צום „עזאזל"

שמעון דזשיגאַן, איינער פון די גרעסטע יידי־שע אקטיאָרן, וועלכער איז אַ אינסטיטוציע פאר זיך זעלבסט, איז לויט אים, געקומען צו דער בינע צופעליק. עס האָט נישט קיין סך געפעלט, אז דזשיגאַן וואלט געקענט פארנומען איצט דאָס אָרט פון מאנדי אלס פוט־באָל — טרענירער, ווייל דער יונגער דזשיגאַן איז געווען דער לעבעדיקער גייסט אינעם לאדזשער ספּאָרט־פאריין „בר־כוכבא". אויף איינער אַ מסיבה האָט ער אזוי אימיטירט עטלעכע פון די אָנוועזנדע, אז נאכדעם האָט אים בראדערזאָן, וועלכער האָט אים אנט־דעקט, געשיקט אין „עזאזל" — פון דעמאלט ציט זיך אָן אומצערייסבארע דזשיגאַן־קייט אין אירע אלע מינים וואנדלונגען. א סטודיע פון 180 מיט־גלידער, אַן אנסאמבל מיטן נאמען „אראראט", מיט דעם פאפולערן דריילינג: דזשיגאַן, שומאכער און גאלדשטיין. וועג־זוכער ממש „אוואנגארדיס־טן", וואָס מען קען סומירן מיט צוויי וויכטיקע דערגרייכונגען, וואָס האָבן געלייגט זייער סטעמפל אויף דעם דעמאלסטיקן יידישן טעאטער: דאָס

החיובית או השלילית, ולחשוב כי דעתו היא קודש. כי כל אחד מהצופים הנזכרים לעיל יכול במקרה זה (אם המדובר בסאטירה) להיות „מבין" לא יותר קטן, ואינטליגנט תיאטרוני לא יותר קטן, כדי שיוכל ליצור לו דעה משלו על ההצגה".

„מה דעתך על תיאטרון האידיש בישראל ?"

„לצערי, אין הוא כמעט בנמצא" — משיב האמן. „מחוץ לנסיונות רציניים מעטים, צומחות מדי פעם בפעם להקות המשחקות „שונד". דבר שלפנים נחשב כעלבון, הפך היום לסחורה עוברת לסוחר. מן הראוי לציין כי להקות כאלה צומחות כאשר אני יוצא לסיור לחוץ לארץ. סימן שהקהל רוצה גם בתיאטרון אידיש. והנה כשחזרתי עכשו, מיד נסגרו 3 או 4 להקות. סימן שהקהל רוצה בתיאטרון טוב ולא ב„שונד".

## דזיגאן על חוק לשון הרע

„כלום ניסו להפעיל עליך אי־פעם לחץ שתמחק או תרכך איזה בקורות ?" שאלתי.

„ודאי שניסו לא פעם בצורה עדינה, אך באחרונה אין מנסים עוד. יודעים, כי אינני חוסך שבטי מאף אחד, ושום לחץ לא יעזור" — משיב דזיגאן.

„עוד שאלה אחת, אדון דזיגאן, וגמרתי" — אני אומר. „מה דעתך על הצעת חוק לשון הרע ?"

דזיגאן שמח על השאלה כמוצא שלל רב. „מה פירוש ? חוק לשון הרע, אם יתקבל, הרי זו מציאה ממש בשבילי. תאר לעצמך, הרי מכל פינות הארץ יבואו לשמוע מה דעתי על המתרחש. הרי לכתוב אי אפשר יהיה, ואילו אני כבר אדע מה „לומר" בעזרת רמזים וחצאי־מלים. ובכל זאת, אתה יודע, „מוחל־טובות" (בהברה אשכנזית), מכיון שאני מעדיף לומר בגלוי מה שיש עם לבי.

**יוסף כרוסט**

תל־אביב

אריינפירן דעם יידישן פאלקסטימלעכן דיאלעקט אויף דער בינע אנשטאָט דעם ווילנער... קינסטלעכן דיאלעקט, און די באַצירונגען פון שאגאַל, ריבאַק און אנדערע, וואָס זיינען געקומען פאַרן טעקסט. („די צייכנונגען זיינען ביי אונז צוגעפאסט געוואָרן צום טעקסט און נישט פארקערט — זאָגט דזשיגאַן).

שמעון דזשיגאַן דערמאַנט מיט טרויער דעם גרויסן אלבום, וואָס איז אים פארלוירן געגאַנגען אינעם שטורם פון דער מלחמה, אין וועלכן עס האָבן די געפונען די רעצענזיעס פון די גרעסטע טעאַטער־קריטיקער, צווישן זיי אלפרעד קער, וואָס האָט געהאלטן פאר נויטיק צו פארצייכנען דריי טעאַטערס אין פוילן: „רעדוטא", „פּאלסקי" און דעם אנסאמבל פון דזשיגאַן. אין אלבום האָבן זיך אויך געפונען רשימות פון זשאַבאָטינסקי און טריסטאַן בערנאַרד. און דאָס אלץ איז געגאַנגען לאיבוד, זיפצט דזשיגאַן.

## דער הומאָריסט און דער קריטיקער

איך רייס איבער דעם זכרונות־פּאָדעם פונעם אקטיאָר. „הער דזשיגאַן — זאָג איך" — „די קריטיקער האָבן שאַרף קריטיקירט געוויסע נומערן פון אייער לעצטן פראגראם. וואָס איז אייער מיינונג וועגן דעם ?".

„אַ סך טעאַטער־קריטיקער האָבן אַ טעות, ווען זיי מעסטן אַ פּראָגראם פון אַ סאטיריש טעאַטער מיט דערזעלבער מאָס וואָס זיי מעסטן אַ קלאסישע שאפונג, געשריבן דורכן מחבר אין פארלויף פון עטלעכע יאָרן און דידאזיקע שאפונג בלייבט אויך אַקטועל אין משך פון אַ סך צייט.

אַ סך קריטיקער פארגעסן אז אַ סאטיריש טעאַטער, און ספּעציעל אין ישראל, דאַרף דערפילן די אויפגאַבע פון אַ הומאָריסטישע צייטונג און פונקט ווי אַ צייטונג דאַרף אויך אַ סאַטירישער פּראָגראַם טוישן גיך דעם אינהאַלט, ווייל

די טעמאטיק טוישט זיך גלייכצייטיק מיט די געשעענישן און דעריבער דאַרף אויך דער סצעני־שער און אקטיארישער צוגאנג צו אַ סאטיריש טעאטער זיין אַן אנדערער. ער דאַרף זיין גיך און אקטועל, קאנצענטרירט, שאַרף און באנוצן אלע יסודות פון קינסטלערישן שפּיל, כדי אויסצונוצן דעם מאטעריאל אין זיין ראָל אין געציילטע מי־נוטן. דער אקטיאר האָט נישט צייט אויף „זוכע־נישן" און „ספקות". און דעריבער דאַרף אויך דער טעאטער־קריטיקער פון סאטירישע פּראגראַ־מען נישט „זוכן" אין נישט „ספקן". דעם קריטי־קער בלייבט נאר פעסטצושטעלן, צי די באטרע־פנדע פּונקטן אין די פאַרשידענע טעמעס האָבן דערגרייכט זייער ציל.

דערדאזיקער פאקט לאָזט זיך נאר מעסטן מיט דער הילף פון דער ספּאָנטאנישער רעאגירונג פון יעדן פּונקט באזונדער און זיין פּערפעקציע לגבי דעם צושויער אין דעם קריטיקער, און דאס נאר בעת דער פאַרשטעלונג גופא.

אָך און ווי איז צו דעם ספּאנטאנישן הומאָר אויב מען לייגט אים אוועק אויפן אָפּעראציע טיש און מען הייבט אָן צו שטודירן אויף אַ טעארעטישן אופן צי דער אדער יענער וויץ, וואָרט־שפּיל, קאָלאַמבור, אַ פּלוצלינגע המצאה, האָבן געדאַרפט ארויסרופן געלעכטער אדער נישט.

דאָס טעאטער־פּובליקום דאַרף זיין גענוג אינטעליגענט און באקאנט נישט בלויז מיט די סאמע אקטועלסטע פּאליטישע און געזעלשאפט־לעכע פּאסירונגען. צו אזא עולם קען נישט קומען דער טעאטער־קריטיקער, זאָל ער אפילו זיין פון די בעסטע, און אויף אים ארויפדרינגען זיין פּאָזיטיווע אדער נעגאטיווע מיינונג.

„וואס איז אייער מיינונג וועגן יידישן טעאטער אין ישראל?"

„צום באדויערן, איז ער כמעט נישטא" — ענטפערט דער קינסטלער. אויסער עטלעכע ערנסטע פּרוּוון, קומען אויף פון צייט צו צייט, „שונד"־אנסאמבלען. אַ זאַך וואס אמאָל האָט מען געהאַלטן פאַר אַ באליידיקונג איז היינט געווארן אַ טאג־טעגלעכע סחורה. עס איז אינטערעסאנט צו באמערקן אַז אזעלכע אנסאמבלען אנטשטייען אין דער צייט, ווען איך מאַך אַ טור אין אויסלאנד, אַ סימן אַז דאס פּובליקום וויל אויך אַ טעאטער אין יידיש. און ווי איך האָב זיך נאר אומגעקערט, האָבן זיך שוין געשלאָסן אַ 3—4 טעאטערס. אַ סימן אַז דער עולם וויל אַ גוט טעאטער און נישט קיין „שונד".

## דזשיגאַן וועגן דעם לשון־הרע — געזעץ

„האָט מען אַמאָל געפּרוּווט אויסאיבן אויף אייך אַ דרוק אז איר זאָלט אויסמעקן אדער אָפּשוואכן עפּעס אַ קריטיק?" האָב איך געפרעגט.

געוויס האָט מען אַמאָל געפּרוּווט אין אַן איידעלער פאָרם, אבער לעצטנס פּרוּווט מען שוין נישט. מען ווייסט, אז מיך קען מען נישט אָפּהאַל־טן און קיין שום דרוק קען נישט העלפן" — ענטפערט דזשיגאַן.

„נאך איין פראגע, הער דזשיגאַן, און איך האָב געענדיקט", וואָס איז אייער מיינונג וועגן לשון־הרע געזעץ?

דזשיגאַן האָט זיך געפרייט מיט דער פראַגע ווי ער וואלט געפונען אַן אוצר. וואָס הייסט? אַ לשון־הרע — געזעץ, אויב ער וועט אָנגענומען ווערן איז דאָך ממש אַ מציאה פאר מיר. שטעלט אייך פאָר, מען וועט דאָך קומען פון גאַנצן לאנד הערן וואָס איז מיין מיינונג וועגן דעם. וואָס קומט פאָר. ווייל שרייבן וועט מען דאָך נישט טאָרן, און איך וועל שוין וויסן וויאזוי צו זאָגן מיט רמזים און האלבע ווערטלעך, און דאָך, ווייסט איר וואָס, איך בין „מוחל טובות", ווייל איך האָב ליב צו זאָגן אָפן, וואס איז אויפן האַרץ".

יוסף כרוסט

# די יידישע קליינקונסט־בינע

די יידישע קליינקונסט־בינע איז אנטשטאנען א סך שפעטער ווי ביי אנדערע פעלקער. ווייל אויך ביי יידן איז דאָס טעאַטער געקומען א סך שפעטער ווי ביי אנדערע פעלקער. ערשט מיטן אויפשטייג פונעם גוטן יידישן דראַמאַטישן טעא־טער איז פארגקומען די דיפערענציאַציע, וואָס האָט געבראכט צום געבורט פון דער יידישער קליינקונסט־בינע.

הגם די אזוי גערופענע „פיעסן" און „מוזי־קאלישע" קאמעדיעס האבן אין יידישן טעאטער אויך ווייטער באהערשט א גרויסן עולם, האבן זיך די ערנסטע טעאטער־באזוכער נישט געקענט בא־פרידיקן מיט דער נידעריקן ניווא פון די רעווי־עלעמענטן אין דעם ביליקן טעאטער.

אויך אין דער ליטעראטור האט צו דער זעכ־בער צייט געצייטיקט די זעלבע דיפערענציאציע. די דראמאטורגיע איז פארטיפט געווארן, איר טעמאטיק איז געווארן אַ קאָנצענטרירטע און עס איז אנטשטאנען דער באדארף — ווי ביי אנדערע פעלקער — פאר א קליינקונסט־טעאטער.

און ס'איז נישט קיין צופאל, וואס דווקא משה בראדערזאן איז געווארן דער שעפער פון דעם יידישן קליינקונסט־טעאטער.

משה בראדערזאָן, דער מייסטער פון ווארט און ווארט־שפיל, איז געוועזן דער ראפינירטער סך־הכל פון אַלע דורות קינסטלער־בדחנים און פון די בראדער זינגער. פון זייער רייכער ירושה האט ער געשעפט דאס סיטואציע־שפילעוודיקע פון ווארט און דאס טעאטראלישע. ער האט פאר־מאגט אלע קינסטלערישע און פארמעלע עלע־מענטן צו ווערן דער שעפער פונעם יידישן קליינקונסט־טעאטער. ער האָט געפונען פאַר זיין אידיי די יונגע קינסטלערישע כוחות און ער האט געשאפן דעם „אררט" — טעאַטער, וואָס האָט געמאַכט אן אומגעהויערן קפיצת הדרך פון אן עקספערימענט צו א רייפער דערגרייכונג סיי אין אין דער פארם, סיי אין די טעקסטן און סיי אין דער אויספירונג.

דאס יידישע קליינקונסט־טעאטער איז געווארן א לעגיטימער טייל פון דער יידישער קונסט און א געבענטשטע אינסטיטוציע, וואס מיר וואלטן געווארן די גרעסטע קולטור־יורדים, ווען זי זאל חלילה אונטערגיין.

א רעווי־טעאטער, מיט סאטירע, מיט הומאר, מיט א קרומען שפיגל פאר אקטועלע, געזעל־שאפטלעכע און פאליטישע דערשיינונגען, איז פונעם געזעלשאפטלעך־היגיענישן שטאנדפונקט אזוי נויטיק ווי לופט און ווי ברויט. א סאטיריש קליינקונסט־טעאטער איז דאך די אינסטיטוציע, וואס נידערט אראפ דעם הויכן געזעלשאפטלעכן בלוט־דרוק.

איז דערפאר וואס שמעון דזשיגאן האט דורכ־געבראכן דעם קינסטלעכן קריזיס און ווידער אויפגעשטעלט א סאטירישן קליינקונט־טעאטער — קומט אים א יישר־כוח. און דערמיט וואס ער האט זיין טעאטער אנגערופן אויפן נאמען פון משה בראדערזאן האט ער פאר זיך אוועקגעש־טעלט א סיג אנצוהאלטן די שיינע טראדיציעס, וואָס ער, דזשיגאַן, טראָגט מיט זיך זינט בראָ־דערזאָנס „אררט" טראַדיציעס.

**מ. צאנין**

תל־אביב

# ש. דזשיגאן און זיין סאטירע־טעאטער

היינטצוטאג איז ש. דזשיגאנס טעאטער דאס איין־און־איינציקע יידישע סאטירע־טעאטער אויף דער גארער וועלט.

היינטצוטאג ? — — —

אומזיסט וועט איר אנשטרענגען דעם זכרון אויף צו דערמאנען זיך וועגן אנדערע יידישע סאטירע־טעאטערס, וועלכע זאלן האבן עקזיסטירט ערגעצוואו נעכטן צי אייערנעכטן.

געווען גארנישט לאנג צוריק א נעכטן ווען אין די לענדער וואו יידן האבן זיך כלומרשט געפילט ווי „ביי זיך אין דער היים", איז יידיש טעאטער געווען דאס טאג־טעגלעכע ברויט ביי די ברייטע יידישע פאלקסמאסן.

געווען אן אייערנעכטן אין פוילן, רוסלאנד און רומעניע וואו די מערכה פון דעם יידישן טעא־טער איז געווען א גרויסע און מזל־ברכה׳דיקע.

געווען אין יענע לענדער, אין זייערע שטעט און שטעטלעך צענדליקער יידישע טעאטערס, הונדערטער און אפשר טויזנטער יידישע אקטיארן און הונדערטער טויזנטער יידישע טעאטער־גייער און טעאטער־חסידים.

דאס גאנצע יידישע טעאטער פון נעכטן און אייערנעכטן האט אפשר נישט קיין צו באדייטנ־דיקע קינסטלערישע געשיכטע, (חוץ קליינע אויס־נאמען) געווען איז אבער דאס יידישע טעאטער טיף פארווארצלט אינעם יידישן פאלקס־לעבן און אפגעשפילט א גרויסע ראל אין דאזיקן לעבן.

ווען די פאגראמען, נויט און פארפאלגונגען האבן די גרויסע יידישע מאסן געצוואונגען צו פארלאזן די ערטער און לענדער וואו זיי האבן זיך געפילט ווי „ביי זיך אין דער היים" האבן די עמיגראנטישע שטראמען אין קאלאמבוסעס מדי־נה ניט פארפעלט חלילה מיטצונעמען דאס יידישע טעאטער. די פישזאנס און טאמאשעווסקיס, ווי דער פאטער פון יידישן טעאטער אברהם גאלד־פאדן אליין, האבן אוועקגעפירט די יידישע טעא־טער־בויד קיין אמעריקע און דארט צעשטעלט זיינע געצעלטן.

פונדעסטוועגן, וועט איר ניט געפינען קיין איין אויסגעשפראכענעם יידישן סאטירע־טעאטער; ניט אין דעם נעכטן און אוודאי ניט אין דעם אייערנעכטן.

סיבות דערפאר זענען פאראן פארשידענע.

איינע פון די וויכטיקסטע :

א סאטירע־טעאטער קאן נאר אויפקומען און עקזיסטירן אין א דעמאקראטישער מדינה.

ניט פוילן, ניט רוסלאנד און ניט רומעניע זענען עס ווען ניט איז פריער צי שפעטער געווען. קיין אמעריקע איז דאס יידישע טעאטער שוין אנגעקומען נאך „בר־מצווה" און ווערן דארט מיט „לייטן גלייך" איז נישט געווען מעגלעך. ערשטנס, צוליב דעם קאנסומענט, דעם יידישן טעאטער־באװכער וועלכן מען האט אויפגעהאדעוועט און דערצויגן אין די אלטע היימען אויף דעם „רעפער־טואר" פון יידישן טעאטער.

צווייטנס, האט דאך דאס יידישע טעאטער בכלל קיין שום טראדיציע פון סאטירע ניט געהאט ; ניט קיין שרייבער און אוודאי ניט קיין שוישפילער.

דערפאר איז גאר קיין וואונדער נישט די באהויפטונג פון אייניקע, אז מיט די עטלעכע גאר שפעטע פרואוון אין אונזער נעכטן הויבט זיך אן דער בראשית פון דעם יידישן סאטירע־טעאטער, און אז ניט קיין אנדערער ווי משה בראדערזאן איז דער פאטער פון דעם יידישן קליין־קונסט־טעאטער, וואס אין אים האט מען געפראוועט סאטירע אויך.

ש. דזשיגאן איז זיכער דער געטרייסטער




שילער און נאכפאלגער פון משה בראדערזאן. ער האט ביי בראדערזאנען געלערנט נישט נאר די מלאכה פון קליין־קונסט וואס איז גרויסע קונסט, ער האט אויך, ווי זיך אנגעזאפט, מיט דער בראדערזאנישער ראפינירטקייט און פיינקייט, מיט דער אייראפעאישקייט וואס איז געווען משה ברא־דערזאנס גרעסטע מעלה.

ווען מען גיט א טראכט אז דאס טעאטער פון סאטירע האט ביי יידן קיין שום פארגאנגענהייט נישט, אז דער לויזער פרואוו פון נעכטן איז דאך געשען ממש נעכטן, קומט פון זיך גופא אויף א פראגע:

פונוואנען האט דאס דזשיגאן פארט גענומען די מייסטערשאפט זיינע?

געווען, פארשטייט זיך, פארגייער פון ש. דזשי־גאנס קונסט. צווישן די פורים־שפילער בדחנים, צווישן די מאטקע חבד׳ס, פראים גריידינגערס, הערשעלע אסטראפאלערס, בערל בראדערס און וועלוול זבארזשערס דארף מען זיי זוכן. נאר „פאלג מיך א גאנג" פון א הערשעלע אסטראפא־לער ביז שמעון דזשיגאַן...

ווייזט אבער אויס אז עס איז פארט אמת אז פארן עכטן קינסטלער איז צייט און רוים א רעלאטיווער באגריף. ש. דזשיגאן האט צו דער צייט פון א הערשעלע אסטראפאלער געהאט קפי־צת־הדרך... צו זיין און זיינס גלייכן פאלקס־טימלעכקייט און אוממיטלבארקייט ווידער, איז ער שוין געווען געניטגט נאך ביי דער מאמען אין בויך... דאס איבעריקע האט געטאן זיין טאלאנט מיט וועלכן ער איז געבענטשט געווארן.

שוין גארנישט קיין וואונדער איז דאס, וואס ש. דזשיגאן האט אין ישראל דווקא געפונען דאס ארט וואו אויפצושטעלן דאס געצעלט פון זיין סאטירע־טעאטער. די דעמאקראטיע פון דער מדינה איז דער עיקר־פארבאדינג פאר זיין אנט־וויקלונג און עקזיסטענץ.

פון אזא מייסטער פון סאטירע ווי ער איז, קאנען, גלייך אויף גלייך, געניסן; סיי ש. דזשי־גאן, סיי די מדינה.

**דוד ליכט**

ניו־יאָרק

# תיאטרון סאטירי - תנאי החופש

הישראלי — הוא אדם שאין צריך להלל אותו מאחורי גבו. אפשר להלל אותו בפניו — הוא לא יתבייש. ואם אתה לא תעשה זאת — הוא יעשה זאת בעצמו.

מיקש „ארץ זבת חלב ודבש"

הליצן — היה תמיד אחד מעמודי התווך של התיאטרון. לעתים — בקרקס או בחצר המלכות — הוא היה כל התיאטרון. הוא היה מצחיק בכל: בתנועה, בלבוש, במלה, בצליל קולו, במעשים שעשה הוא מרכז בדמותו את כל התיאטרון בכח — את הטוב והרע שבו. לעתים — הוא עלוב ונדוש ומעורר צחוק לא נעים לצוחקים — הוא מעורר רחמים. גם אז הוא שייך לתיאטרון אך לא לאמנות התיאטרון.

אך יש והליצן הוא גרוק או צ׳פלין או ליצן־החצר של ליר, או גבור של אריס־טופנס או מולייר. הוא מצחיק. מאד מצחיק. אך לא מעורר רחמים אלא אהדה, לעתים הערצה. תמיד — מחשבה, בשעה שמטלטל אותך הצחוק — צחוק שאינך יכול לעמוד בפניו — קורה לך עוד משהו, משהו שהוא ההפך מצחוק ותוצאה ממנו וסיבה שלו: משהו הקרוי חויה אמנותית שהכל יודעים מה היא אך איש אינו יודע למצותה בהגדרה.

הצחוק הזה שייך לעולם הסאטירה, לאמנות התיאטרון, אמנות שהנה בלתי אפשרית בלעדיו. אין תיאטרון טוב ללא אלמנטים קומיים המעור־רים חיוך או צחוק קולני — דבר התלוי במבצע ובצופה. בלעדיהם אי אפשר. כי בלעדיהם אין תבונה. בשעה שמשהו, ולו גם רציני ביותר, מתברר לנו לפתע פתאום — אנו מחייכים. כי הצחוק הוא מותר האדם. „האדם הוא חיה היודעת לצחוק". והיודעת להצחיק אנשים אחרים. האדם הנבון — יודע לצחוק גם מעצמו. אם אינו יודע — הוא עדיין אדם, אך לא נבון.

---

## דאס סאטירישע טעאטער — א תנאי פאר פרייהייט

דער לץ איז שטענדיק געווען איינער פון די הויפּט־זיילן פון טעאַטער. אין צירק אָדער אין קעניגלעכן הויף איז דער לץ געווען דאָס גאַנצע טעאַטער. ער איז געווען קאָמיש אין זיין גאַנצן הולך: אין דער באַוועגונג אין קליידונג, אין וואָרט־אויסדרוק און אין קלאַנג פון זיין שטים. אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט אין זיין געשטאַלט קאָנצענטרירט דאָס גאנצע טעאַטער.

ווען דער לץ איז טשאַפּלין אָדער דער הויף־לץ פון קעניג ליר, אָדער העלד פון אַריסטאָפאַנעס אָדער מאָליער — איז ער קאָמיש, זייער קאָמיש, אָבער ער רופט נישט אַרויס קיין רחמנות, נאָר סימפּאַטיע, אָפּטמאָל פאַרערונג. אזא לץ פון טשאַפּלין־שניט רופט אַרויס שטענדיק א מחשבה. בעת עס טרייסלט דיך דאָס געלעכ־טער — א געלעכטער, וועלכן דו קאָנסט נישט באַהער־שן — טרעפט נאָך עפּעס־וואָס, אַזעלכעס, וואָס איז דער קעגנזאַץ פון געלעכטער און פון זיינע רעזולטאַטן און סיבה: אַזעלכעס, וואָס ווערט אָנגערופן — דער קינסט־לערישער שטייגער, וועלכע אַלע קאָנען אים אָבער קיין שום מענטש קאָן אים נישט פּינקטלעך דעפינירן.

אַזאַ געלעכטער געהער צו דער וועלט פון סאַטירע, צו דער טעאַטער־קונסט, וועלכע איז נישט מעגלעך אָן דער סאַטירע. עס איז נישט פאַראַן קיין גוט טעאַטער אָן די קאָמישע עלעמענטן, וואָס רופן אַרויס א שמייכל אָדער אַ קלינגענדיק געלעכטער, א זאַך, וואָס איז אָפּהענגיק פון דער אויספירונג און פון פובליקום „דער מענטש איז די חיה, וואָס קאָן לאַכן" און קאָן מאַכן לאַכן אַנדערע. דער פאַרשטענדיקער מענטש קאָן לאַכן אויך פון זיך אַליין.

לעתים קרובות נופל הצחוק קרבן למתח המעשים הגדולים, למשטר חלוצי או המתיימר להיות כזה. תמיד הוא מסוכן לשליטים החוששים מהתבונה. מסוכן מן המבקר הרציני, מן המתנגד הפוליטי. הוא תוצאה וחלק מחופש הדבור. החופש — הוא החופש לצחוק. מהכל. בעיקר מעצמו.

כל עוד צוחקים — יש תקוה. כניעת־הרוח היא הכניעה לאיסור לצחוק. הסאטירה בתיאטרון היא החושפנית ביותר, המסוכנת ביותר לנושאיה, החיונית ביותר לקולטיה. כי הצחוק המונח ביסוד הסאטירה — הוא הביטוי של הספק. ביטוי לאפשרות לראות את הדברים גם מנקודת מבט אחרת. ביטוי למרד נגד המקודש משום שהוא קיים. ביטוי לברירה הקיימת תמיד בחברה האנושית. ביטוי לרצון לתמורה, לאפשרות התמורה — שאינה אפשרית אם הספק אינו בא לידי ביטוי. הדמוקרטיה — מבוססת על הרשות להטיל ספק. בכל. בכל קדוש ובכל מוסד ובכל אידיאל ועקרון.

הדבר היחידי שאינו מוטל בספק — הוא הספק עצמו. הוא העמיד שבין כל העקרונות, המסורות והאידיאולוגיות, והאדם יודע זאת — כי האדם נכון תמיד לצחוק מסאטירה טובה.

אחת ממחלות הילדות של כל מדינה חדשה — הוא יחס הקדושה המוגזם למוסדות, מנהיגים ועקרונות שבזכותם או גם בזכותם נוסדה. החמורה שבמחלות הילדות של מדינת ישראל — היתה החומרה. כל עוד היו שליטים אנגלים נופפנו במטאטא הצחוק — נגדם. כשהפכנו אנו השליטים — שמנו את המטאטא במחסן. במקום זה התחלנו לעשות מה שמיקש אמר עלינו כמצוטט בראשית הדברים. טפחנו לעצמנו על השכם עד שהכתפיים התחילו כואבות. כאשר העזנו להעלות סאטירה על הבמה שלנו — הגבלנו אותה: צחקנו מהמושחתים, מהקרייריסטים, מאלה ששמם הולך לפניהם בתור שכאלה או במקרה הטוב ביותר הטלנו את האשם, לפי מסורת עתיקה שבידינו, על האשה אשר פתחה אותנו לאכול מתפוחי העולם הזה

---

אָפטמאָל פאַלט דאָס געלעכטער אַ קרבן פון דער אָנגעצויגנקייט פון גרויסע מעשים, פון אַ פּיאָנערן־רעזשים, אָדער פון אַ רעזשים, וואָס האָט פּרעטענזיעס צו פּיאָנערישקייט. דאָס געלעכטער איז שטענדיק געפערלעך פאַר די הערשער, וואָס האָבן מורא פאַרן פאַרשטאַנד. דאָס געלעכטער און דאָס אויסלאַכן, איז געפערלעכער פון דעם ערנסטן קריטיקער, פון פּאָליטישן קעגנער און איז אַ רעזולטאַט און אַ טייל פונעם פרייען וואָרט. פרייהייט באַטייט — פרייהייט צו לאַכן פון אלץ, בעיקר פון זיך אַליין.

ווי לאַנג מ׳לאַכט איז דאָ האָפנונג. אונטערטעניקייט פון גייסט — באַטייט — שלום מאַכן מיט דעם פאַרבאָט צו לאַכן. די טעאַטער־סאַטירע איז די שטאַרקסטע דעמאַסקירונג, וואָס איז זייער געפערלעך פאַר די וואָס ווערן דעמאַסקירט און לעבנס נוצלעך פאַר דער אויפקום פון אַ נייעם לעבנס־שטייגער, ווייל דאָס געלעכטער, וואָס איז פאַראַנען אין דער סאַטירע, איז דער אויסדרוק פון צווייפל; אַן אויסדרוק פון אַ מעגלעכקייט צו זען די זאכן אויך פון אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט; אַן אויסדרוק פון ווידערשטאנד קעגן דעם, וואָס איז פארהייליקט, בלויז דערפאַר, ווייל עס עקזיסטירט. דאָס געלעכטער אין דער סאַטירע איז דער אויסדרוק פון דער ברירה, וואָס עס איז פאראנען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט — די ברירה צו ענדערן דאָס פאַראַנענע, וואָס איז שוין אָפּגע־לעבט און דאַרף געענדערט ווערן. דער דאָזיקער איבערבייט איז נישט מעגלעך, אויב עס קומט נישט צום אויסדרוק דער צווייפל אין די אָנגענומענע אמתן.

די דעמאָקראַטיע איז געשטיצט אויף דער מעגלעכקייט צו צווייפלען אין אַלעם, אין אַלעם וואָס איז פאַרהייליקט, אין יעדער איינריכטונג, אידעאַל און אָנגענומענע פּרינ־ציפּן. די איינציקע זאַך, וואָס איז אויסער יעדן צווייפל איז — דער ספק אַליין. ער שטייט העכער פון אַלע

ולברוח מהכפר אל העיר. העזנו לצחוק מכל מי שלא זיהינו את עצמנו אתו. על כן הקמנו במות קבע לבידור, לדגדוג, אפילו לגרוי — אך לא לסאטירה. האם צדק קסטלר? — האמנם אי אפשר לנגן סקרצו על שופר? — או שפשוט התרגלנו מדי לתרועה ושכחנו כי אפשר לשבור בו גם שברים? על כל פנים בשעות משבר שחלפו לא העיז אצלנו איש לכתוב כפי שכתב ברטולד ברכט לראש ממשלת מזרח גרמניה אחרי התקוממות הפועלים בגרמניה המזרחית: „אין ספק — העם בגד. אני מציע: לפזר את העם ולבחור בעם אחר...” לעומת זה העיזו רבים אצלנו לומר בשעות משבר: העם בגד. בכל הרצינות. בכל הדחילו. בלי שום רחימו. בלי חיוך.

התיאטרון בו פעל דז׳יגן והתיאטרון שהקים ואותו הוא מנהל כיום — הוא אחד הסיכויים הטובים שלנו לתיאטרון סאטירי קבוע. ככל האספקטים התרבותיים של חיינו — גם תופעה זו אינה נורמלית: תיאטרון סאטירי ישראלי — ועיקרו אינו עברי. אך נקוה כי בעתיד כבעבר יתגבר התיאטרון הסאטירי הזה על מכשול הלשון וירוה כבעבר את הצמאון הגדול והמוצדק לסאטירה תיאטרלית טובה, נועזת, בלתי נרתעת, המכוונת נגד הכל, נגד הגבוהים והנמוכים שבסולם הפערים והדרגות של החברה והמשטר שלנו. מכוונת נגד הכל — כיון שהיא אוהדת הכל. כיון שאינה מפי זר אלא מפי אחד מאתנו. מפינו. זר לא היה מסוגל ליצור סאטירה שתהיה חשובה באמת, מסוכנת באמת, מעוררת ומהנה באמת. מתוך שנאה לבני אדם אי אפשר לכתוב את המיזנטרופ. מתוך שנאה וזרות למנהגים ומנהיגים אי אפשר להציג סאטירה שתהיה בעלת הומור, שתדע לגרום הנאה כיון שתגרום לצחוק, ורק אחר כך לכעס, למחשבה. סאטירה שאינה מצע בחירות אלא מבע של חופש היא חגו של הספק, תמצית ומקור לחויה אמנותית בתיאטרון.

**יעקב מלכין**
חיפה

---

פּרינציפּן, טראַדיציעס און אידעאָלאָגיעס. יעדער מענטש ווייסט דאָס און איז שטענדיק גרייט צו לאַכן פון אַ גוטער סאַטירע.

איינע פון די קינדער־קראַנקייטן פון יעדער נייער מדינה איז — די גוזמאדיקע פאַרהייליקטע באַציאונג צו אַנשטאַלטן, צו פּרינציפּן און פירער אין וועמענס זכות עס איז אַלץ געשאַפן געוואָרן. אַזאַ באַציאונג איז די שווערסטע פון די קינדער־קראנקייטן פון מדינת ישראל. ווי לאנג די ענגלענדער זיינען דאָ געווען די הערשער, האָבן מיר מיט אַ בעזים געפּאָכעט דאָס געלעכטער קעגן זיי. ווען מיר זענען געוואָרן די הערשער איבערן לאַנד — האָבן מיר דעם בעזים אַריינגעשטעלט אין דער קאַמער און אָנשטאָט דעם האָבן מיר גענומען זיך אַליין לויבן. מיר האָבן זיך געקלאַפּט אין די פּלייצעס ביז זיי האָבן אָנגעהויבן ווײ־טאָן. ווען מיר האָבן זיך דערלויבט די העזה אַרויפצוברענגען אויף אונדזער בינע די סאַטירע האָבן מיר זי באַגרענעצט: מיר האָבן געלאַכט פון די קאָרומפּירטע, פון די קאַריערייסטן, פון די וועמענס נאָמען לאָזט זיך הערן פון וויטן... אין בעסערן פאַל, האָבן מיר די שולד אַרויפגעוואָרפן — לויט דעם נוסח פון דער אַלטער מסורה — אויף דער פרוי, וואָס האָט אונדז צוגערעדט צו עסן פון דעם עולם־הזה־עפּל און צו אַנטלויפן פון דאָרף אין דער שטאָט.

דאָס טעאַטער, אין וועלכן דזשיגאַן איז געווען טעטיק און דאָס סאַטירישע טעאַטער, וואָס ווערט דורך אים אָנגעפירט איז איינס פון די גוטע אויסזיכטן אונדזערע אויף צו שאַפן אין לאנד אַ שטענדיקע בינע פאַר הומאָר און סאַטירע.

דאָס סאַטירישע טעאטער געריכטעט קעגן אַלעמען איז נישט קיין שונא פון אַלץ, נאָר פאַרקערט — עס האָט סימפּאַטיע צו אַלץ און אַלעמען, ווייל די סאַטירע קומט נישט פון א פרעמד מויל, נאָר פון איינעם פון אונדז,




פון אונדזער מויל. קיין פרעמדער וואָלט נישט געווען פעיק צו שאפן אַ סאַטירע, אַן אמת ווערטפולע, אַ באמת שעפערישע און קונסטועלינס פאַרווייַלנדע. אַזאַ סאַטירע בילדעט די קוועלע און קווינטעסענץ פאַר אַ טיפע קינסטלערישע איבערלעבונג אין טעאטער.

יעקב מאלקין חיפה

# נאך פאראן סאטירע ביי אידען!

די אמעריקאנער קריטיק באקלאגט זיך אפט, אז אין אמעריקע איז פארשוואונדן די סאטירע. אויב עס איז געווען א קאמיקער אויף דער טעלעוויזיע, וואס פלעגט באנוצן די דאזיקע פארם פון געזעלשאפטלעכער קריטיק, פון אויסלאכן די שיינע באלעבאטים פון שטעטל, פון אנשטעלן דעם רעפלעקטאר פון הומאר אויף די בראדעווקעס און גוידערס, וואס זענען אנגעוואקסן אויף אונדזער גייסטיק פנים — איז ער אדער געווארן סאליד, סטאטעטשנע, אדער ער איז פשוט באזייטיקט געווארן.

זיין זינד איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט באנוצט דעם וואפן פון סאטירע. ער האט אויסגעלאכט איינגעשטעלטע מנהגים, טראדיציעס, פארהייליקטע ליגנס, האבן טייל מענטשן הנאה געהאט, אבער אנדערע האבן זיך געקרימט, זיי האבן זיך געפילט געטראפן פון די סאטירישע פיילן.

דער סאטיריקער איז בפירוש א מוסרניק. אן אריינזאגער, א מאנער. ער קומט מיט טענות. ער קאן זיך פשוט נישט דערלויבן, ווי ער זאל ניט וועלן זיין אן עניו, זיך אריינצולייגן אין איין קעסל מיט אלע זיינע צוהערער און לייענער און זיך לאזן קאכן צוזאמען אויף די גיהנום פייערן. ער טאר נישט זיין קיין אנהענגער פון דער גוטמוטיקער, אבער אין תוך צינישער לעבנס־פילאזאפיע אז „מיר זענען אלע פאסקודניאקעס״. אז „אזוי איז דער מענטש״. ווארים אויב דאס איז טאקע אזוי, דעמאלט זענען די אלע ריידערייען און שרייבערייען פון די ליכטיקסטע מענטשן אין אלע דורות וועגן זיינע וועגן, וואס מען דארף בויען, נישט מער ווי פוסטע פאנטאזיעס. אויב מען קען סיי־ווי גארנישט ענדערן איז דאך א שאד יעדע אנשטרענגונג. אזוי איז געווען און אזוי וועט ווייטער זיין. אלץ בלייבט ביים אלטן.

דער סאטיריקער אבער וויל ענדערן און ער גלויבט, אז מען קען ענדערן. ער איז נישט אזא פעסימיסט, ווי דער גוטמוטיקער קאמיקער, וואס האלט, אז קיין מוסר וועט סיי־ווי נישט העלפן.

דער סאטיריקער איז טאקע דער, וואס טשאטעווט אויף די, וואס גייען אריבער די גרענעץ פון מענטשלעכקייט. ער איז דער, וואס לאכט אויס די פרעסער, די כבוד־זוכער, די אונטערלעקער, די פלייצע־קלאפער, די קריכער, די היפאקריטן, די אויגן־גלאצער, די וצידקתכ׳ס, די פרומע קעץ, די קהלישע קעסט־איידעמלעך, די אנגעבלאזענע פאוועס. דערביי באנוצט דער סאטיריקער ווי זיין באליבטן וואפן, די — איבערטרייבונג. ער שטעלט אן א פארגרעסערונג־גלאז אויף די מאראלישע בראדעווקעס, אזוי, אז מען זאל זיי קענען בעסער זען און שטארקער אויסלאכן.

דאס איז די אייגנטלעכע ראל פון סאטיריקער: צוימען די מענטשלעכע נארישקייטן, געבן די שטאט־באלעבאטים צו פילן, אז מען קען זיך נישט לאזן צופיל ווילגיין. אז „מיין נישט די וועלט איז א קרעטשמע, א הפקר״. אז עס איז דא אן אויג וואס זעט און א האנט, וואס פארשרייבט און צענזורירט.

אין יידישן לעבן אין אמעריקע. דא איז נישט צו באמערקן קיין שפור פון סאטירע.

איך האב געהאט א באזונדערע געלעגנהייט וועגן דעם זיך צו פארטראכטן דעם לעצטן פרייטיק־צונאכטס, ווען איך בין געזעסן אין ניו־יארק אויף א פארשטעלונג פון דעם יידישן רעוויטעאטער פון ישראל, אנגעפירט פון שמעון דזשיגאן.

איך קען דזשיגאנען שוין לאנגע יארן, נאך פון דער צייט, ווען ער האט געשטעלט זיינע

ערשטע טריט אויף דער סצענע פון משה בראַ־דערזאַנס קליינקונסט־טעאַטערל „אַררט“ אין מיין היימשטאָט לאָדזש. ער איז געווען דער טאַלאַנ־טירסטער פון דער דאַזיקער באַגאַבטער פריילע־כער בראַדערזאָן־כאַליאַסטרע, וואָס האָט זיך אַזוי קונדסיש צעטאַנצט אונטערן פאַרויכערטן לאָדז־שער הימל. דזשיגאַן, שומאַכער און גאָלדשטיין זענען געווען דער פּאָפּולערער טריאָ וואָס האָט געבראַכט פרייד פּוילישע יידן אויך אויף זייער וואַגל־וועג איבער סאָוויעט־רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה זענען דזשיגאַן און שומאַכער אַוועק קיין ישראל און דאָרט עטאַבלירט זייער קונסט־געצעלט וואָס איז ביז היינט צו טאָג (אויך נאָך דעם ווי דער הויך־טאַלאַנטירטער ישראל שומאַ־כער איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע) דאָס באַליבסטע יידישע טעאַטער אויף דער וועלט.

ווען איך האָב איצט געזען דזשיגאַנען אויף דער בינע אין ניו־יאָרק, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי אימיצער וואָלט מיט אַ כישוף־שטעקעלע אַוועקגעווישט אַ פערטל יאָרהונדערט. עס זאָל דאָס אַ טראָפּן האָבן געגאַנגען פאַרלוירן פון דער צעזונגענקייט, פון דער פרישקייט און פון דער פאַלקסטימלעכקייט פון י ע נ ע ם ד ז ש י־ג אַ ן ! באַלד, דאַכט זיך, וועט ער צו מיר אַ ווונק־טאָן אַזוי היימיש־צייטיק ווי דאַמאָלס אין לאָדזש : „ס׳הערט זעך ?“...

אָבער נאָך שטאַרקער איז געווען דער אייַנד־רוק וואָס עס האָט אויף מיר דאַסמאָל געמאַכט דער אינהאַלט פון דער פאָרשטעלונג. די מערסטע נומערן האָבן געפונקלט מיט ס אַ ט י ר ע. מען האָט אויף דער בינע דערלאַנגט מלקות אויף רעכטס און לינקס, און דער עולם אין זאַל האָט געקייכט פון געלעכטער.

און דעמאָלט האָב איך זיך מיט אַמאָל אָפּגע־געבן אַ חשבון, ווי מיר דאָ האַלטן אויף דער וועלט. ביי אונדז איז דאָך דאָס פעלד פון סאַטירע אינגאַנצן וויסט ! קיין גרעזל וואַקסט דאָרט נישט ! עס האָט זיך דאָך שוין געהאַט אויסגעדוכט, אַז אַזאַ זאַך ווי סאַטירע איז ביי יידן אינגאַנצן מער נישטאָ. מיטאַמאָל קומט אַ טעאַטערל פון ישראל און ווייזט אונדז, אַז ס׳איז יאָ דאָ. און דווקא אין יידיש און אין מדינת ישראל. און קיינער לייגט דאָרט די חברה נישט אין חרם, קיינער האַקט נישט ביי זיי קיין שויבן. פאַרקערט, דאָס טעאַ־טערל האָט דאָרט מער דערפאָלג, ווי די גרויסע נאַציאָנאַלע טעאַטערס. עס האָט נישט נאָר מער פּובליקום, נאָר אויך מער כבוד. עס קומען אין טעאַטער אַלערליי יידן מיט אַלערליי לשונות אין מויל. עס קומען נייע אימיגראַנטן און עס קומען „ותיקים“. איינגעזעסענע, עס קומען שטאָטישע און עס קומען קיבוצניקעס. עס קומען מיניסטאָרן און עס קומען גענעראַלן, און אַז מען זאָגט אויף דער בינע אַ וויץ אויף זייער חשבון, לאַכן זיי מיט מיטן גאַנצן עולם. עס טוט טאַקע וויי, אָבער מען מוז דערצו זיין צוגעגרייט. וואָס, מען וועט גיין פּראָטעסטירן ? וועט מען דאָך זיך אויסשטעלן אויף נאָך מער חוזק.

בין איך געזעסן אין טעאַטער מיט געמישטע געפילן. פון איין זייט האָט עס מיר הנאה געטאָן, אָבער פון דער צווייטער זייט האָב איך זיך געשעמט פאַר מיין יידיש אַמעריקע.

מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס דאָזיקע רעטע־ניש : פאַרוואָס קען די יידישע גאַס אין דער פרייער, דעמאָקראַטיש־איינגעפונדעוועטער אַמע־ריקע זיך נישט דערלויבן דאָס, וואָס עס דער־לויבט זיך די יונגע, קליינע יידישע מדינה — אַ ביסעלע זעלבסט־קריטיק ?

שאַפן זיך דעריבער אַזעלכע קאָמישע פּאַראַ־דאָקסן, אַז אין דער יידישער מדינה קען מען יאָ קריטיקירן די ישראל־אינסטיטוציעס און זייערע פירער, און אין אַמעריקע טאָר מען נישט. דאָרט, אין ישראל, פירט מען דאָך נישט קיין קאַמפּיין



צו די כנסת וואלן האָט מען אין פלאקאטן באוויזן דזשיגאנס טעאטער,
ווי א מוסטער פאר פרייהייט־פון־געלעכטער אין מדינת ישראל

# חופש הצחוק

**הסַטירה הפוליטית היא נשק מוכר בהתמודדות דעת־הקהל עם מוסכמות הביורוקר־
טיה. בצורתה הדרמטית, החיה, המבוגרת היא עושה להשבחת ההגיינה הקרוייה צבו־
רית ופעמים שהיא מגרדת בצִפורן אחת עיפוש שנים רבות.**

---

פאר ישראל, קען מען זיך ארומדרייען אין דער וואכעדיקער קאפאטע. דא אבער אין אמעריקע, גייט דאך א פערמאנענטער קאמפעין פאר ישראל. עס איז כסדר יום־טוב, מוז מען דעריבער זיין יומטובדיק אנגעטאן.

ווערט טאקע פון אזא אייביקן יום־טוב גארני־שט יומטובדיק אויפן הארצן. אמשטארקסטן האב איך דאס דערפילט, ווען איך האב דערזען אויף דער ניו־יארקער בינע די פריילעכע, וואכעדיקע יידן פון ישראל.

ב. שעפנער

ניו־יאָרק

# א בריוו פון געוועזענעם הומאָריסט צום געוועזענעם פינאַנס־מיניסטער

לכבוד
מר לוי אשכול,
ראש הממשלה

איך פאַרשטיי, אַז איר האָט איצט נישט קיין צייט אויף לייענען לאַנגע בריוו, מאַך איך עס שנעל, און איך הויב באַלד אָן בקיצור.

איך ווייס, אַז אַ סך, זייער אַ סך בירגער פון אונדזער לאַנד זענען זייער צופרידן וואָס איר האָט איבערגענומען דעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן אַמט פון דער מדינה אַלס ראש הממשלה. אָבער איך ווייס אויך, אַז אַ סך מער — ווי מער ווייניק זענען אויך דאָ נישט צופרידענע וואָס איז זענט אַוועק פון אונדז אַלס פינאַנס־מיניסטער.

און פון די נישט־צופרידענע פאַרנעם איך זיכער דאָס ערשטע אָרט.

פאַרוואָס ?

פאַר דעם, ווייל איר האָט מיר צוגענומען דעם הויפּט־קוואַל פון מיין פרנסה. איר האָט מיך ממש צעבראָכן. פשוט פון מיר געמאַכט א תל. וואָס, אדון פּרעמיער־מיניסטער, האָט מיר געפעלט, אַז איר זענט געווען פינאַנס־מיניסטער ?

איך האָב געהאַט אויף וועמען צו רייטן.

איך האָב געהאַט וועמען אַ ר י י נ צ ו ז אָ ג ן.

איך זענט דאָך פאַר מיר געווען א גאָלד־גרוב. איך האָב דאָך געצויגן פון אייך מער ווי אַלע נאַפּט־געזעלשאַפטן פון חלץ.

איך בין דאָך געווען דער איינציקער ייד אין לאַנד, וואָס האָב אויף אייך מער פאַרדינט, ווי איר אויף מיר.

8 יאָר האָט איר מיך געזעטיקט און געשטילט מיין דורשט.

8 יאָר האָב איך געהאַט א פול מויל מיט אשכול.

8 יאָר האָט איר אַליין מיר צוגעשטעלט מער מאַטעריאַל, ווי אַלע הומאָריסטן אין לאַנד צוזאַמען. און מיט וויפל דאַנקבאַרקייט האָב איך דערפאַר אָ פּ ג ע ד י נ ט.

פאַרוואָס זענען אונדזערע מסים־צאָלער געווען אַזוי פאַרביטערט ? ווייל זיי האָבן ביי אייך נישט געלעקט קיין האָניק. האָב איך אַריינגעגאָסן אין זייער ביטערקייט איין אשכול־חכמהלע, און זיי האָבן געלעקט די פינגער. נאָך א חכמהלע, אַן אַריינזאָגעכץ, און זיי האָבן דאָס פאַרצוקערט. כ׳האָב זיי פאַרזיסט די מסים.

ביי אייך האָבן זיי געוויינט און געצאָלט,

ביי מיר האָבן זיי געלאַכט און געצאָלט.

יעדעס מאָל ווען איר האָט געהעכערט די מסים, און די הויכע פאַרדינערס איז געוואָרן שווער אויפן האַרץ און לייכט אין דער קעשענע, זענען זיי געקומען צו מיר זוכן אַ טרייסט.

אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק האָב איך זיי געדאַרפט טרייסטן.

אַ פאָר וויצן אויף אייער קאָנטאָ איז געווען גענוג זיי זאָלן מער נישט טראַכטן וועגן אויפגעבן פאַלשע הכנסות.

ווער האָט זיך געקענט ריכטן אויף אַזאַ בראָך, אַז איר וועט ווערן אויס פינאַנס־מיניסטער ? !

אַלע לוקסוס־ווילע־באַזיצער,

אַלע לוקסוס־אויטאָ־באַזיצער,

אַלע אויסלאַנד־פאָרער,

אַלע שוואַרץ־ווייסע בענק־קאָנטאָ־באַזיצער,

אָט די אַלע וואָס האָבן זיך געבויגן אונטערן יאָך פון די שווערע שטייערן וואָס איר האָט אויף

# ד ז ש י ג א ן

טייל טעאטער־גייערס, פון דער ראסע „אינ־טעליגענטן“, זענען ביי זיך עפּעס נישט אינגאנצן זיכער, צי איז שמעון דזשיגאַן א גרויסער יידישער קאָמיקער, אָן ארטיסטישער אָריגינאַל מיט אקטיאָרישער עלעמענטאר־קראַפט, צי אפשר בלויז איינער פון די חברה לצים און פּאָפּולערע אמוזיר־נודניקעס, וואָס פּאַרטומלען לעצטנס די בינעס פון לאנד.

איך האָב געזען דעם „אינטעליגענט“ צווישן דעם גרויסן עולם יידן ביי דזשיגאנס לעצטן פּראָ־גראם „אבי געזונט“ — ווייסט ער נישט, דער פיינשמעקער, צי שטייט אים בכלל אָן, הנאה צו האָבן פון זאכן, פון וועלכע ער האָט באמת הנאה: עס איז מעשה „עמך“. האלט ער זיך דעריבער „רעזערווירט“: ווי ווייט עס לאָזט זיך.

אן עולם יידן שאָקלט זיך ביי דזשיגאנס אויפ־טריט אין עקסטאז פון הייסן געלעכטער בציבור. מען שטופּט דאָס ווייב און קנייפּט אזש די שכנטע פון סאמע צעשרויפטקייט — נעמט דער „אינטעליגענט“ די וואָנסע, וואָס רייסט זיך, א

---

זיי אַרויפגעלייגט — דאַרפן זיך איצט אַוועקזעצן אויף די פערסישע טעפּיכער פון זייערע הונדערט־טויזנט־פונטיקע דירות און זיך שיטן אַש אויף די קעפּ, זאָגן קינות. אַזאַ אומגליק! מיט איין קנאַק האָט איר אָפּגעקוילעט אַזאַ גאָלדענע תקופה!

אָבער ס׳גרעסטע אומגליק האָט געטראָפן מיך. איך בין געוואָרן אַרבעטסלאָז.

ס׳האָט זיך פון מיר אָפּגעטון די שכינה.

עפּעס א פוסטקייט איז געבליבן ביי מיר אויף דער צונג. כ׳בין ממש געוואָרן אויס!

וועמען זאָל איך איצט אַריינזאָגן?

אויף וועמען זאָל איך איצט רייטן?

ווער ווייסט צי דעם נייעם פינאַנס־מיניסטער וועט געלינגען צו דערהאַלטן די זעלבע פּראָספּע־ריטי וואָס האָט געהערשט בעת אייער קאַדענץ.

ווער ווייסט צי ער וועט האָבן דעם זעלבן מוט וואָס איר און די דערפינדערישקייט אויס־צוגעפינען גענוג המצאות אויף נייע מסים, אַזוי, אַז דער קהל זאָל קרעכצן פון שווילטאָג, און פאַר צרות זאָלן זיי ווידער דאַרפן אָנקומען צו מיר, אַז איך זאָל זיי טרייסטן.

דערווייל איז מיר שווער און ביטער.

מיינע שונאים, דאָס הייסט די, וועלכע האָבן מיך מקנא געווען, האָבן דערפילט, אַז איך פיל מיך שטאַרק שוואַך פון דעם טויט־קלאַפּ וואָס איך האָב באַקומען מיט אייער ווערן פרעמיער־מיניסטער. נעמען זיי איצט נקמה אין מיר. פון אונטער דער ערד זוכן זיי אויס צוטשעפּענישן, און מאַכן מיר משפטים.

מיט איין וואָרט: איך דאַרף רחמים.

וואָס איך האָב דערלעבט! וואָס איך האָב דערלעבט!

פאַרוואָס איז דאָס מיר געקומען?

פאַרוואָס האָט איר מיר דאָס געטון?

וואָס בין איך שולדיק, אַז בן־גוריון... שוין, כ׳וויל נישט ריידן. כ׳וויל נישט האָבן מיט אים צו טון. כ׳האָב גענוג דאָס, וואָס כ׳האָב מיט מיר אַליין צו טון.

ווער וועט פאַר מיר האָבן אַ טרייסט־וואָרט?

בכבוד רב:

**ש. דזשיגאַן**

גערוועזענער הומאָריסט און קאָמיקער

הירזשע טאָן גלייך מיט אַלעמען, און קוועטשט זי אַריין אין מויל, נאָך טיפער — זאָל זי זיך דאָרט בארואיקן : שעמען זיי זיך...

די טיפע אָריגינאַל־קנייטשן פון דזשיגאַנס אַקטיאָרישן פּנים, פאַרהאָרעוועט פון ארויסרייסן פריילעכקייט ביי אזא טרויעריקער וועלט, וואָלטן געמעגט איינשטיין ביי א מייסטערישער סקולפּטור פון א גרויסן פּאַרצייטיקן האָלץ־שניצער. דזשיגאן אָבער האָט זיי באַקומען בירושה דירעקט פון באַלוטער עלנט, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. דאָס איז דער שורש פון זיין ליידנשאַפטלעכער קאָמיק.

אָט די אַקטיאָרישע קנייטשן האָבן נישט צו טאָן גאָרנישט מיט טעאַטער־גרים, וואָס ווערט געקלעפּט און געשמירט מיט פאַרב און מיט מאַשטש, הינטער די קוליסן אין אָוונט פון דער פאָרשטעלונג — דאָס איז די צעהוליעטע צערגרימעניש פון א וועלט מיט אָרעמע יידן, וואָס קאָכן זיך אין זיין געשטאַלט, דזשיגאַנס יידן, וואָס האָבן אין משך פון דורות געאַרבעט אין פּאַך פון לאַכן מיט יאַשטשערקעס.

עד היום ווייס איך נישט אקוראַט, וואָס פאַר א פּנים האָט א ייד, אז ער לאַכט מיט יאַשטשערקעס — אָבער איך בין מיר משער, אז ער איז מחויב אויסצוזען ווי דזשיגאַן : וואָס דאַרף ער לאַנג זוכן ? אין דזשיגאַנס פּנים, דאַכט זיך, האָט די נאַטור געמאַכט א מאָדעל — די נאַטור אויף יידיש — אָבער למה'ש נישט קאָפּירן ! דאָס איז גוט בלויז פאַר איינמאָל : מער דאַרף מען נישט.

פאַרשטייט זיך, אז די קנייטשן פון זיין פּנים זענען טיף איינגראַווירט אויך אין כריפּ פון זיין קול, אין זיין שטעל, אין זיין גאַנצן הילוך. דאָס אַלץ לעבט ביי אים פון איין אַרטיסטישן הויפּט־פּאָרטל : ער שטעלט זיך געפּגרט.

איך בין זיכער, אז האַשעקס סאָלדאַט שוועיק, וואָס די צעקוועטשטע רייד פון זיין וועלט־שוטה האָבן סאַטיריש צעטרייסלט די פונדאַמענטן פון אַ מעכטיקער מלוכה, וואָלט אויפגעריכט געוואָרן, ווען דזשיגאַן נעמט אים אין דער אַרבעט.

זיין אַרטיסטישע חכמה איז : ער מאַכט זיך „כלא ידע", וואָס עס טוט זיך אַרום און אַרום — און פון דער דאָזיקער פּאָזיציע פון סוווערענעם גולם, וואָס מעג אַקעגנרעדן מלכות, וואַקסן אויס זיינע פּראָגראַמען. דער שאַבלאָן רופט זיי „קליין־קונסט" — וואָס איך האָב שוין משטיינס־געזאָגט פון דער „גרויסער" !

צומאָל דאַכט זיך, עס וואָלט געווען אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט, דזשיגאַן זאָל אַרויסטרעטן פאַרן פּאָרהאַנג, אַוועקשטעלן זיך, גלייך גאָרנישט, שטיין מיט דעם גאַנצן העזהדיקן יש פון די צעבראָכענע רמח איברים, א קוק טאָן אויפן עולם, א קוועטש טאָן די קרומע באָרד, די גרעלע, אפשר א ברום טאָן יידישלעך אין זאָל אַרייך, איינגאַנצן אָן טעקסט : „מנע..." דאָס וואָלט מסתמא געווען גענוג געווען.

איז אָבער די מעשה, וואָס אַן אַרטיסט דאַרף האָבן אַן אויסרייד, כדי „אויפצוטרעטן". זאָגט דזשיגאַן כמעט צוויי שעה אַקטועלע מאָנאָלאָגן און עס גייט א האָגל מיט שטעכיקע אָנצוהערעניש — אָדער ער שפּילט אַמאָל אין אַזעלכע מיני סקעטשן, וואָס זייער הויפּט־מעלה איז : מען פאַרגעסט זיי אַזוי גיך, ווי מען האָט זיי געהערט.

קומט אַרויס „אבי געזונט" און אַמאָל הייסט דאָס אייגענע אָדער כמעט דאָס אייגענע : „אבי מען זעט זיך", צי אפשר „זע, ווו דו גייסט". דער נאָמען איז נישט וויכטיק, דער „אינהאַלט" אויך נישט : אַלערליי וואַריאַנטן פון דזשיגאַנס אַרטיסטישער זאָגעניש, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט געלעכטער און רייסט אויף מיט דער קראַפט פון דינאַמיט.

איז דאָך ווידער גוט — איז אָבער שלעכט, וואָס אַ טעאַטער־אָוונט ביי יידן האָט זיך צוגע־

# דזשיגאן און זיין עולם

א גרויסער יידישער עולם האט זיך געפונען אין טעאטער אויף סעקאנד עוועניו אין דער צוועלפטער גאס. יענער טעאטער רופט ארויס א סך דערינערונגען. ער איז לכתחילה געבויט געווארן פאר מאריס שווארצ׳ן. איך געדענק די סצענע ווי שווארץ האט נאך דער ערשטער פארשטעלונג אין יענעם טעאטער געמאכט אן אוואציע פארן בויער פון יענעם טעאטער, א געוויסער יאפע, ווי א מעצענאט פון יידישן טעאטער. אט דער מעצענאט האט מאריס שווארצן מיט זיין טרופע ארויסגעווארפן אויף צוויי שפענדלעך, ווען ער האט נישט באוויזן צו באצאלן דאס דירה־געלט אין דער צייט.

פאר די לעצטע עטלעכע יאר, האט דאס טעאטער, געטראגן דעם נאמען פעניקס, ווו עס איז געשפילט געווארן גוטער ענגלישער טעאטער.

אָבער ער איז צו גרויס און צו טייער פאר גוטן טעאטער. האט זיך די פעניקס־טרופע אריבערגעקליבן אין א קליין טעאטערל, מיט א פערטל אזויפיל זיץ־פלעצער אין די זיבעציקער גאסן, און דער טעאטער פוסטעוועט צייטווייליק.

איז דארטן טרעט אויף דער שוישפילער דזשיגאן מיט נאך פיר טאלאנט־פולע שוישפילער. איז געווען אינטערסאנט צו קוקן אויף דער בינע; עס איז אבער אויך געווען אינטערעסאנט צו כאפן א קוק אויפן עולם. דער גרויסער עולם וואס האט כמעט ווי אנגעפילט דעם גרויסן טעאטער אין אן אוונט, ווען עס איז אנגעקומען א רעגן און א שניי.

קודם איז דאס געווען א יונגער עולם. איך האב געשריבן פון ישראל, אז דארט איז דער עולם פון יידישן טעאטער א צען־פופצן יאר יונ־

---

וואוינט, אַז ער מוז דווקא דויערן דריי שעה. שטאָפּט מען אים פון אַלע זייטן מיט „נומערן" און מאַכערייקעס, כדי דער טעאטער־מוישע זאָל קריגן וואָס גרעסערע פּאָרציעס געפילטע מלאָיעווקע.

און כאָטש איך בין זיכער, אז דער פאָלקסטימלעכער עולם איז בכוח, הנאה צו האָבן פון עכטן טאַלאַנט און פון קוואַליטעט, אויב מען דערלאנגט דאָס ווי געהעריק, אַרט אים פונדעסטוועגן נישט, אז מען לייגט אים צו אין פּראָגראַם נאָך א שטיק קוואנטום און נאָך א שטיק — ער זאָל האָבן א „פולן אָוונט" פאר זיין געלט און זאָל קאָנען גוט שלאָפן נאָך דער קונסט.

איך פארשטיי, דער ארטיסטן־פאראיין דאַרף זאָרגן פאר דער באשעפטיקונג פון זיינע מיטגלידער, און יידן, וואָס זענען נישט קיין מדרגה־אַקטיאָרן, דאַרפן אויך פּרנסה — אוודאי. מיין איך אָבער, אז די דאָזיקע אקטיאָרן וועלן סיי ווי געפינען זייער וועג צום פּובליקום און די קאסע וועט מסתמא נישט ליידן.

אָבער פאר אַן ארטיסטישער דערשיינונג, וואָס האָט אין זיך דעם גלאַנץ פון אייגנמאָליקייט און קאָן זיך אויסגעצייכנט פּרעזענטירן אין א קינסטלערישן אָוונט, וואָס דויערט בלויז אָנדערהאלבן אינטענסיווע שעה, אָנשטאָט אויסגעצויגענע דריי, זענען די אָנגעהאָנגענע „נומערן" א שווערע באלאסטונג — פּונקט ווי עס דאַרף זיין אַן אָפּקומעניש פאר געוויסע אקטיאָרן צו פּלאָנטערן זיך, אָוונט פאר אָוונט, אין שטראלנדיקן ליכט פון שמעון דזשיגאן.

מ. גראס־צימערמאן

תל־אביב



גער פארן עולם אין יידישן טעאטער ביי אונדז. ביי דער דזשיגאַן פאַרשטעלונג האָב איך געזען אַן עולם מיט אַ צוואַנציק־דרייסיק יאָר ייִנגער פון געוויינלעכן יידישן טעאַטער עולם. דער גרויער קאָפּ איז דאָ געווען נאָר ווו נישט צו זען. איך ווייס נישט אַזוי פיל ווי די גאָר יונגע יונגע לייט, אין די צוואַנציקער און דרייסיקער. טייל פון אַט די יונגע לייט האָבן געטראָגן יאַרמעלקעס.

הייסט דאָס, אַז מיר האָבן אויך אַ יונגערן עלעמענט פאַרן יידישן טעאַטער?

אַ טייל פון עולם האָט געקענט זיין אַלט גענוג צו געדענקען דזשיגאַנען מיט זיין סאָרט טעאַטער פון וואַרשע. אָבער איך האָב געזען אַ היפּשן טייל, וואָס איז געווען צו יונג פאַר דעם. זיי זענען געקומען נישט פאַר דעם וואָס דזשיגאַן האָט פאַר זיי אַמאָל באַטייט, נאָר נאָך דעם, וואָס ער קען פאַר זיי באַטייטן היינט.

איז מיט וואָס האָט זיי דזשיגאַן געבראַכט אין טעאַטער אין אַזאַ נאַכט?

דאַרף מען שוין אַ קוק טאָן אויף דער בינע. וואָס איז דאָרט געווען אַזוינס?

עס איז געווען אַ סך לאַכעדיקס, אָבער געלעכטער האָט איר אויך אין אַנדערע יידישע טעאַטער־אויפפירונגען. עס איז געווענדעט פון וואָס דאָס געלעכטער איז און ווי עס ווערט געבראַכט צום לאַכן.

וואס איז געווען די אמתע אנציאונג פון דער דזשיגאן־פארשטעלונג ?

איך האלט, אז דאס איז געווען פריער פון אלע די פאליטישע און סאציאלע סאטירע, דער אנשפיל אויף די געשעענישן פון טאג, אויף די גרעזלשאפטלעכע אומשטענדן. אין אייראפע האט מען אויף דעם אויפגעגעסן די ציין. אפילו הינטע־רן אייזערנעם פאר האנג, ווו סאציאלע קריטיק איז טאבו, האב איך אין פראג באזוכט א ביר־קעלער, ווו דאס פראגראם איז באשטאנען פון סאטירע. „זיכערע" סאטירע, נאטירלעך, אבער פארט סא־טירע אויף די לויפנדיקע אומשטענדן. ביי אונדז דא האבן מיר אויף בראדוועי יא פון אט דעם מין, הויפטזעכלעך אין מיוזיקלס, וואס זענען א גרויסער דערפאלג.

ביי אונדז האט מען דעם טעאטער צעטיילט אויף „קונסט" און „שונד", און אין דער אמתן איז געווען גאר ווייניק „קונסט" אין דער „קונסט" און נאך ווינציקער „שונד" אין דער שונד. דער ערשטער פרינציפ אין שונד איז די שפאנונג — און אונדזערע אזוי גערופענע „שונד־פיעסן" זע־נען לאנגווייליק. מיט קונסט און דראמע מיינט מען ליטערארישן לשון, טעאטער־שפראך, אינ־דיווידועל, שארף, דיכטעריש און פסיכאלאגישע פארטיפונג אין כאראקטער און אידייע. אבער אונדזערע דראמען זענען, אין דער גרויסער מער־הייט, מוראדיקע פלאכקייטן.

ביידע, די „קונסט" און די „שונד", האָבן נישט געהאט קיין שייכות מיטן דענקען און פילן פון היינטיקן יידן אין אמעריקע, בפרט מיטן יינגערן יידן ; איז זייער איינציקער אפיל געווען נאסטאל־גיע, בענקשאפט נאכן אמאל, און דאס קען אפע־לירן נאר צום עלטערן מענטש.

ווען דזשיגאן איז דא צום ערשטן מאל געקו־מען צוזאמען מיט שומאכערן, מיט עטלעכע יאר צוריק, האבן זיי דא געהאט גרויס דערפאלג. זיי האבן אבער אנגעריסן מער מיט סאטירע אויף די לויפנדיקע געשעענישן, ווי מיט דער אזוי גערופענער „קליין־קונסט". פאר די יארן, וואס דזשיגאן האט געשפילט אין ישראל, איז דער זשא־נער פון פאליטישער און סאציאלער סאטירע ביי אים פארשטארקט געווארן — אין ישראל איז דער עולם פאליטיש און סאציאל מער באוווסטזיניק. און אין דעם היינטיקן פראגראם זיינעם איז שוין דער „קליין־קונסט" עלעמענט, ווי למשל, „וואַ־סער־טרעגער" (וואס איז, אגב, א זייער פיינער, געלונגענער נומער) פיל ווינציקער און די סאטירע פיל מער. און דעריבער האט עס טאקע מער אויסגענומען ביים עולם.

עס איז קלאר, אז מיר האבן אן עולם פאר דעם סארט טעאטער. מען האט דאס קלאר געזען, אדער געהערט, אין גרויסן אויסברוך פון געלעכטער ביי יעדער פאליטישער אנצוהערעניש אדער סאציא־לער סאטירע. אזא סארט טעאטער וואלט אפשר געבראכט צוריק צום יידישן טעאטער דעם יינגע־רן עולם, וואס איז אוועק פון אים. און עס וואלט געווען כדאי, אז די יינגערע כוחות ארום יידישן טעאטער, סיי די שוישפילערישע, סיי די שרייבע־רישע, זאלן א טראכט טאן וועגן דעם.

נאטירלעך, צו אזא סארט טעאטער דארף מען ערשט האבן טאלאנט. די צייט איז קורץ אויף דער בינע. דער זאג — עטלעכע ווערטער, און דער מינדסטער „פאנפע" קען אוועקהרגענען א נומער. דזשיגאן איז ווי געבוירן פאר אט דעם זשאנער. ער פארמאגט די דיקציע, די פאזע, די בינע־פערזענלעכקייט, און דעם שנעלן קאנטאקט מיטן עולם. איך בין זיכער, אז אפילו די אין־אמעריקע געבוירענע יידן, וואָס פארשטייען יידיש — און עס זיינען פאראן גאָר אסך אזעלכע — וואָלטן געקומען אין אזא יידיש טעאטער.

ב. צ. גאלדבערג ניו־יאָרק

# בתיאטרון הסאטירי של דז'יגן

תיאטרון הסאטירי הישראלי ממש — אם לא לפי שפתו, הרי לפי תוכנו — הוא תיאטרונו של דז'יגן. כאן מופיעה ישראל על אורותיה באמצעות צלליה. כפי שאומר דזיגן עצמו: „ההוכחה הטובה ביותר לחיוביותה של מדינת ישראל היא אפשרות הוקעת שלילתה, ללא מורא נעילת־הפה ופתיחת־הכלא...” מי שאינו מעלה בת־שחוק בתכניותיו של דזיגן, הוא איש חסר הומור. כי אפילו דזיגן לא יאמר דבר, אם אך ייאנק ויאנח ויגמגם ויקרוץ עין בלבד, ישאר אמן נפלא זה, כשרון חד־פעמי זה, נסיך ההומור, האירוניה והסאטירה. זהו המפעל הרציני ביותר, המבוסס ביותר לתוצרת הצחוק בארץ. רציני — משום שאין לך דבר קשה ורציני יותר על הבמה, מן הצחוק. מבוסס — משום שלכל בדיחה מבדיחותיו יש רגליים במציאות היהודית והישראלית. הריני מודה: לדעתי, גדול אמני ההומור על במותינו הוא האיש בעל הפנים עשירות־המימיקה, בעל הקול עטיר־האינטונציות, בעל הנוכחות התיאטראית האמיתית אפילו לא יאמר מלה אחת, האמן הקרוי: שמעון דזיגן. אי אפשר שלא להעריכו, שלא לאהבו, ואפילו יירה בך חצי לעגו־צחוקו הממורטים באידיש העסיסית הפולנית שלו.

החלק הראשון של התכנית עולה לאין ערוך על השני (יש בו הומור יהודי טוב ובת־שחוק המופיעה לרגעים מבעד לאנחה היהודית); החלק השני הוא יותר... פונקציונאלי. בקורת סאטירית־חברתית על ההווי הישראלי.

ואנו — יחד עם הקהל כולו הלכנו בעקבות צחוקו וכשרונו של דזיגן.

**חג.**

„הארץ”, תל־אביב

## דזשיגאנס סאטיריש טעאטער

אן אמתדיק סאטיריש־ישראלדיק טעאטער — אויב נישט לויט דער שפראַך איז דאָך לויט זיין אינהאלט — דאָס איז דזשיגאנס טעאטער. דאָ דערשיינט ישראל אין איר ליכט דורך אירע שאטנס. דזשיגאן זעלבסט זאגט: „דער בעסטער באוויז פאַר די פאָזיטיווע זייטן פון מדינת ישראל איז די מעגליכקייט אויפצודעקן אירע נעגאטיווע זייטן אָן פחד צו פארמאכן דיר דאָס מויל און עפענען פאר דיר די טויערן פון דער טורמע...” ווער עס לאכט נישט פון דזשיגאנס פראָגראַמען, איז אַ מענטש אָן הומאר, עס איז גענוג, אפילו אָן ווערטער, ער זאָל בלויז מאכן עפעס אַ באוועגונג, אַ קרעכץ, אדער אַ קריץ מיט אַן אויג, וועט ער בלייבן אַן אויסגעצייכנטער קינסטלער, אַן אייגנארטיקע, טאַלאנט, אַ פירשט פון הומאר, פון איראניע און סאטירע. דאָס איז אַ זייער ערנסטע אונטערנעמונג, באזירט אויף ארויסרופן געלעכטער אין לאנד. ערנסט, ווייל עס איז נישטא קיין שווערערע און ערנסטערע זאך אויף דער בינע ווי ארויסרופן געלעכטער, באזירט אויף דעם וואָס יעדער וויץ פון זיינע וויצן נעמט ער פון דער ישראלדיקער ווירקלעכקייט.

לויט מיין מיינונג, דער גרעסטער הומאָר־קינסטלער אויף אונזערע בינעס איז דער מענטש מיט דער רייכער מימיק, מיט דער פרעכטיקע אינטאָנאצע אין זיין שטימע, מיט די אמתדיקע טעאטראלע אייגנשאַפטן, אפילו ווען עס ווערט געגעבן אָן ווערטער, — דער קינסטלער — שמעון דזשיגאן. עס איז אומעגלעך אים נישט אָפצושאַצן, אים נישט ליב האָבן, אפילו ווען ער מאַכט פון דיר חוזק אין זיין זאפטיקן פוילישן יידיש.

און מיר — צוזאמען מיטן גאַנצן עולם אין טעאטער האָבן נאכגעפאָלגט דעם געלעכטער און דעם טאַלאַנט פון דזשיגאנען.

(ד"ר **חיים גמזו**)

„הארץ”, תל־אביב

# נוכחותו של דז׳יגן

שמעון דז׳יגאן חזר אלינו. זהו אחד הקווים המאפיינים אותו — לחזור. לא רק חזרה פיזית, שבחומר, אלא חזרה נפשית, חזרה מרחיקה־לכת, מבלי דעת עד היכן תגיע ואיזו תהיה נקודתה הסופית. אני מסתכן ואומר, כי בעצם הדבקות הזאת, ליאחז באידיש ולא להרפות ממנה, להיאחז בה ולא לנסות להמיר את עצמו ואת לשונו ולהיות ככל העם ולגלגל לשונו על טהרת העברית, יש בעצם הדבקות הזאת מן הדרך חזרה, חזרה אל היניקה ואל הגירסה של היניקה.

ואולי כאן יש לחפש הסבר לאותה מקוריות מיוחדת של דז׳יגן. אולי כאן נעוץ כוחו וכאן טמונה השפעתו. הוא נאמן. כל מי שחוזר הוא נאמן. על כל פנים, נאמן החוזר לעצמו. ויציבות נפשית זו של דז׳יגאן היא גם המפתח ליציבותו האמנותית.

תכניתו החדשה של דז׳יגן, כמו תכניותיו הקודמות, מהווה רקמה סאטירית על הווי יהודי. ואולם אין כוונתי להפליג כאן אל טהרת בקורת התיאטרון. מה שמעניין אותי אינו התוכן — אף על פי שתוכן זה מכיל כמה דברי חכמה עוקצניים ובעלי כושר קליעה רב — אלא הסגולה המיוחדת של דז׳יגן לבצע ולהגיש את התוכן. שימו לב: דז׳יגן יוצא אל הבמה כשהוא מוקף בני לוויה. שחקנים ושחקניות, שהקרשים אינם זרים להם, מהם טובים יותר, מהם טובים פחות. אולם הם רק רקע, חלק מן התפאורה, אבל בשום פנים לא מסגרת לאישיותו והופעתו של דז׳יגן. והצופה, שאינו מסתפק בהתרשמות ובמחיאת כפיים ומבקש גם לרדת לעומקם של הדברים, הצופה, הרוצה לצרף מחשבה מעמיקה לגל של צחוק, ישאל את עצמו: האמנם זקוק, באמת, דז׳יגן לאביזרים החיים הללו? האם לא היה מיטיב, אילו הופיע בגפו והגיש תחת כמות את האיכות בלבד?

# דזשיגאנס אנוועזנהייט

שמעון דזשיגאן האט זיך אומגעקערט צו אונז. דאָס איז איינע פון די אייגנשאפטן, וואָס כאראקטעריזירן דזשיגאנען — זיך אומצוקערן. נישט בלויז פיזיש נאר גייסטיק. זיין צוגעבונדנקייט. זיין עקשנות צי בלייבן ביי דער יידישער שפּראַך און נישט ווערן ווי אלע ישראלדיקע און איבערגיין צו העברעיש, ליגט שוין אין דער אייגנשאפט פון אומקערן זיך צום קוואַל, פון וועלכן ער האָט געשעפּט ביז איצט.

און אפשר דאָ דאַרף מען זוכן די אייגנארטיקע אריגינאליטעט פון דזשיגאנען, אפשר דאָ ליגט דער סוד פון דזשיגאנס כוח און השפעה. ער איז געטריי — זיך אליין. אין דער גייסטיק סטאבילקייט פון דזשיגאַן געפינט זיך דער שליסל צו זיין קינסטלערישער סטאבילקייט.

דזשיגאנס יעדער נייער פּראָגראַם, איז סאטירישער געוועב פון יידישן שטייגער. איך וויל מיך דא אָפּשטעלן אויף דער אייגנארטיקער פעיקייט פון דזשיגאנען ווי אזוי צו דערלאנגען דעם אינהאלט.

דער כוח פון יעדן קינסטלער, וואָס דער גרים און דער טעקסט איז פאר אים דער יסוד, פון וועלכן ער דערהויבט זיך דא אַ קאָנטאקט מיטן טעאטער־עולם איז זיין דערשיינונג. אָבער „דערשיינונג" איז זייער אַ רעלאטיווער באגריף, עס זיינען פאראן פארשיידענע דערשיינונגען. דזשיגאנס דערשיינונג איז איינע פון פולקאמסטע, וועלכע איך האָב ווען עס איז געטראָפן אין טעאטער, דזשיגאן איז נישט קיין שקלאף צום טעקסט, נאָר ער פאסט אים צו זיך. און אפשר דערפאַר טאקי, פארוואנדלט ער טיילמאָל א טעקסט וואָס איז וויניקער ווי מיטלמעסיק אין אן ערשט־ראנגיקן שפּיל־נומער.

אט די דערשיינונג דזשיגאנס באשטעטיקט פאר מיר ווידער מיין טיפסטע איבערצייגונג, אז דזשיגאן איז א קאָמעדיע־שוישפּילער. אַ שאַד, וואָס ער באווייזט זיך נישט אין אַן אמתער טעאטער־פּיעסע, וואו ער וואָלט געקאָנט שאפן טיפן, לעבעדיקע געשטאלטן, און געבן אן אויסדרוק מענטשלעכע איבער לעבונגען אין זייער פולער פאר־

מישהו אמר לי פעם, כי דרכם זו של כוכבים, להקיף עצמם בזולתם, נובעת מן הרצון — אולי מן הצורך — להבליט עצמם, שכן הברק מיטיב להבריק כשהוא מבריק על רקע עמום. אבל אני דוחה סברה זו, ולא רק לגבי דז׳יגן. אמן של אמת אינו עושה רמיה את מלאכתו ואינו נאחז בעקל־קלות כדי להבליט את עצמו. העובדה, שדז׳יגן יוצא אל הבמה בתכניותיו האחרונות במטען רב של כמות, עובדה זו מקורה באותו צורך בסיסי של כל אמן־תיאטרון, הנבדל מכל בדרן, מכל קונפרסייה, בכך, שהללו אקלימם אקלים של קהל נגד עיניהם וחלל ריק מאחוריהם, ואילו אמן־שחקן זקוק לתנועה, לפעולה, אפילו להמולת דב־רים סביבו.

במה כוחו של דז׳יגאן ?

ככוחו של כל אמן, אשר איפור וטקסט הם לו בסיס, שמאצלו הוא ממריא אל המגע עם קהל הצופים — הנוכחות. אלא ש„נוכחות" הוא מושג גמיש מאד. יש נוכחות ויש נוכחות. הנוכ־חות של דז׳יגן היא אחת השלמות ביותר שפגשתי, אי פעם, בתיאטרון. ואני סבור, כי נוכחות זו מעידה על היסוד שמאצלו היא נובטת : המישחק. שכן דז׳יגאן איננו מתמכר לטקסט ואיננו משתע־בד לו, הוא איננו מתאים את עצמו לניב הדברים אלא נוטל אותם ומתאים אותם אל עצמו. ואולי מכאן עלינו להבין, מדוע כה תדיר הופך דז׳יגן טקסט למטה־מבינוני, לחתיכת מישחק ממדרגה ראשונה.

נוכחותו זו של דז׳יגן מחזירה אותי אל הכרתי העמוקה, שלא פעם נתתי לה בטוי : דז׳יגן הוא שחקן קומי ממדרמה ראשונה, וחבל, חבל מאד, שאין הוא יכול להופיע במחזה של ממש ולעצב טפוסים, אנשים חיים, ולתת ביטוי לחוויות אנו־שיות שלכל אורכו של סולם ההרגשות, מצער ועד שמחה, מנצחון ועד כשלון. אין ספק, שאילו — דוגמת בולוף — היה דז׳יגן מקים להקה



דזשיגאן מיט מאנע קאץ

שידנארטיקייט, פון צער ביז פרייד, פון זיג ביז דורכפאל. ס׳איז גאָר קיין צווייפל נישט, אז ווען דזשיגאן וואָלט — ווי בולאָף — געגרינדעט א טעאטער־טרופע און אויפגעפירט טעאטער־פיעסן, וואָלט נאָר איין איינציקער אקטיאָר־קאָמיקער געקאָנט מיט אים קאָנקורירן אין אָנזיכט פון קינסטלערישער פערזענלעכקייט ; מרגלית, פון „אהל".

אין דזשיגאנס קינסטלערישע אויסטייטשונג ווערט די סאטירע — גוטער, אלגעמיין־מענטשלעכער הומאָר, וואָס ברענגט מיט זיך גוטן געלעכטער.

דערפאר וויל יעדער ליבהאָבער פון טעאטער און פון לעבן קאָנפראָנטירן זיין אָנוועזנהייט מיט דער קינסטלערי־שער אנוועזנהייט פון שמעון דזשיגאן.

**אורי קיסרי** „מעריב", תל־אביב



מען גרייט זיך צום „גוט־יום־טוב" פראַגראַם (פון רעכטס צום לינקס) שמעון דזשיגאַן,
אויטאָר דר. ריטערמאַן־אביר, רעזשיסער יואל זילבערג, מוזיקער שאול בערעזאָווסקי

ומציג מחזות, כי אז היה רק שחקן אחד ויחיד בשטח הקומי בישראל יכול להתחרות עמו מבחינת האישיות: מרגלית, מן ה„אהל".

בינתיים, כל זמן שלהקה זו איננה בנמצא ודז'יגן חייב לצרף אמן לאמן, סקטש לסקטש והיוך לחיוך, הרי שיהא זה רק הוגן מצד כל מי שמלאכתו לומר ברבים מה שהוא מרגיש וחושב בייחודו, חייב לומר, שהצחוק, אשר מגיש לנו דז'יגן בתכניתו האחרונה, הוא מסוג הצחוק שעליו אמרו חכמים, כי הוא „יפה לבריאות". כוונתי לומר, שעד כמה שלא השתדלו המחברים לשוות לטקסט חרדל סאטירי, הנה לא על הסאטירה כוחו של הטקסט אלא דווקא על אותו הומור אנושי, אנושי כללי, שעם כל היות האנשים והבעיות שייכים לאזור היהודי והישראלי, הנה דווקא אנושיותם של הדברים הם המבדרים את בלוטות הצחוק והלב שלנו.

דז'יגן מראה לנו את חיי היהודים באמריקה. הוא מספר לנו כיצד נושמים ישראלים שירדו לניו־יורק, והנה, מתחת לאפודה היאנקית מבצבץ אנוש. כשיגיע דז'יגאן מאמריקה לישראל ויפרוש לנגד עינינו את הכלכלה הישראלית, את השביתות המחבלות בה, או יפשיל את המסך על הנעשה מאחורי המיקרופונים של „קול־ישראל", שוב יציץ אלינו פרצופו של אנוש, ולאו דווקא של ישראלי. וזהו ההומור הטוב וזוהי הנוכחות הטובה של מחשבות, רגשות ובני־אדם. זהו גם הצחוק הטוב.

ולכן אני ממליץ באזני כל אוהב תיאטרון ואוהב חיים, לקיים את נוכחותו שלו אל מול פני נוכחותו של דז'יגן.

**אורי קיסרי** „מעריב", תל־אביב

# דז׳יגן בלי כחל וסרק

הקהל השוחר לפתחם של תיאטרוני הומור וסאטירה נוהג לראות בכוכביו „קומדיאנטים״ ולצים, אשר מבוקשם היחיד הוא להצחיק בכל מחיר. אולם במידה, שנכון הדבר לגבי הצחוק שעל הבמה, בה במידה יש כאן טעות לגבי ה„לצים״ הללו, שבחייהם הפרטיים הם על־פי רוב ההיפך ממה שאנו מכנים בשם קומיקאים. המחבר ההומוריסטן והשחקן־הקומיקאי — והדבר יצלצל ודאי כפרדוכס — הם אנשים רציניים בדרך כלל, ולעתים אף עצובים ; הם מתלבטים קשות ומזיעים כהלכה עד שהם מגיעים לגרעין ההומור המיוחל, המתפוצץ על הבמה ומעורר גלי צחוק בקרב קהל המאזינים.

את שמעון דז׳יגן אמן ההומור והבדיחה, אלוף המונולוגים העממיים ומחבר הטכסטים, — הנני מכיר עשרות בשנים, מאז עשה בפולין את צעדיו הראשונים בתיאטרון המיניאטורי של המשורר משה ברודרזון, ורק לעתים רחוקות ביותר ראיתיו נטול דאגה ומתבדח סתם. כל ימיו שקד על ליטוש עבודתו האמנותית ועל חיפושי שבילים ללבו של הקהל, לא לחינם היה אומר : „כך, חברה — הומור וסאטירה זה לא צחוק — זוהי עבודת פרך !״.

עכשיו כשיסד תיאטרון משלו שוב הוא שקוע במחשבות (נוגות !) על החומר... ההיתולי ועל דרך הגשתו לקהל־הצופים. תפסתיו אחרי יום של חזרות קדחתניות ומיגעות על תוכניתו החדשה „טרי, בריא ומטורף״.

„עניין השניים״ (הכוונה לעבודתו עם בן־זוגו לשעבר) אינה מטרידה אותו עוד. שנים רבות, עד למלחמה — אומר הוא — שיחקנו יחד וכמעט תמיד בקולקטיב גדול בווארשה, בלודז׳, ואפילו בארגנטינה, שם הופענו תקופה ממושכת. אחרי המלחמה, עוד בהיותנו בחוץ לארץ, בלית ברירה

## דזשיגאַן אַזוי ווי ער איז

שמעון דזשיגאַנען — דעם קינסטלער פון הומאָר און וויץ, דעם מייסטער פון פאלקס־מאָנאלאָג און מחבר פון טעקסטן, — קען איך שוין לאַנגע יאָרן, פון דער צייט ווען ער האָט געמאַכט זיינע ערשטע טריט אין פוילן אויף דער מיניאַטור־בינע פונעם פּאָעט משה בראָדערזאָן. זעלטן האָב איך אים געזען אַ זאָרגלאָזן אָדער סתם זיצן און זיך וויצלען. זיין גאַנץ לעבן איז ער באַשעפטיקט מיט אויספיינערן זיין קינסטלערישע אַרבעט און מיט אַ זוכעניש פון נייע וועגן צום האַרץ פונעם עולם. נישט אומזיסט זאָגט דזשיגאַן : „אַזוי, חברה — הומאָר און סאַטירע איז נישט קיין געלעכטער, דאָס איז אַ צוואַנגס־אַרבעט״.

איצט ווען ער שאַפט זיין קליין־טעאַטער איז ער פאַרטיפט אין מחשבות, ווי אַזוי צו באַקומען מאַטעריאַל פאַר זיין טעאַטער און וויאַזוי עס צו דערלאַנגען דעם טעאַטער־עולם. איך האָב אים געטראָפן נאָך אַ טאָג פון שווערע און אויסמאַטערנדיקע פּראָבעס צו זיין נייעם פּראָגראַם „פריש, געזונט און משוגע״.

אַ סך יאָרן ביז דער מלחמה — דערציילט דזשיגאַן האָבן מיר געשפּילט צוזאַמען, איך און שומאַכער, און כמעט שטענדיק אין אַ גרויסן קאָלעקטיוו, אין וואַרשע און אין לאָדזש, און אפילו אין אַרגענטינע. דאָרט האָבן מיר געשפּילט אַ לאַנגע צייט. נאָך דער מלחמה, נאָך זייענדיק אין אויסלאַנד, האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען, דער עיקר צוליב עקאָנאָמישע סיבות. אָבער אין וואַרשע, ווען עס האָב זיך נאָך געפונען גרויסע יידישע מאַסן, האָבן מיט אונז מיטגעשפּילט אַזעלכע „כוחות״ ווי רחל האָלצער, דינה האַלפּערן, מאַלווינאַ ראַפּעל, מנשה אָפּנהיים, קלאַראַ סעגאַלאָוויטש און אַנדערע. אויך אין ישראל דאַרף מען שפּילן מיט אַ צוגעפּאַסטן אַנסאַמבל. אַ הומאָר און סאַטירע־בינע, אַ רעוויו אָדער אַ קליינקונסט־טעאַטער קענען זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ רעסיטאַל — עס פאָדערט זיך אַ רייכע, לעבעדיקע און פריילעכע פאַר־שטעלונג.

עברנו לשיטת עבודה בשניים, בעיקר בגלל סיבות כלכליות. ואילו כאשר היו עוד בוורשה שלפני המלחמה המוני יהודים הופיעו בצדנו בתוכניותינו „תותחים" כמו רחל הולצר, דינה הלפרן, מלווינה רפאל, מנשה אופנהיים, קלארה סגלוביץ ועוד. גם בישראל צריך לשחק עם צוות שחקנים מגוון. במת הומור וסאטירה, רביו או תיאטרון האמנות הזעירה אינם יכולים להפוך לרסיטאל — דרושה הצגה עשירה, חיה ועליזה.

אחיזתו של הקומיקאי הזה בז'אנר האמנות הזעירה אינה מקרית. הוא נותן סיפוק ויוצר אפשרויות רב־צדדיות למבצע, שצריך — לדבריו — לשלוט על כל האלמנטים של המשחק המודרני, החל מרציטאציה דראמתית וכלה בבורלסקה או במונולוג. אומר דז'יגן: תוך 10 דקות צריך שחקן האמנות הזעירה להשיג בנובילה, במערכון או בכל „מספר" אחר אותו אפקט כמו, למשל, בקומדיה של 3 שעות. הוא מוכרח להיות דרוך ומוכשר לאילתור בזק, לחלוש על המצב, בעיקר על־ידי פיקוח קפדני על המלה היוצאת מפיו ולהגישה כך שפעולתה תהא מיידית.

אלופי השיטה הזאת היו הקומיקאים האחים פארקש וגרינבוים, יוז'ני מן ה„סינאיה פטיצה" הרוסית, מוריס שיבאלייה, ולאחרונה איב מונטאן, שעשו את הקאריירה שלהם בתיאטראות הצורות הקטנות. בתיאטרון שכזה מחוייב השחקן להצטיין בכוח־ריכוז בלתי רגיל, בתחושה חזקה של המידה והזמן ולדאוג לכך שלא תלך לאיבוד אף שניה יקרה אחת, בדרך למטרה המיוחלת.

דז'יגן גולל בפני, כלאחר יד, הרהורים מעניינים על הסכנות הרבות האורבות לשחקן האמנות הזעירה, כמו הסכנה של הישנות בנוסח ובביצוע, ההליכה בדרך של התנגדות הקלה, החיקוי של טיפוסים ועוד. ברגע הראשון עושה „העבודה" הזאת רושם על הקהל, אבל סופם של שחקנים אלה, אם אינם אלופים ממש — כשלון. שחקן

דזשיגאן האַלטן זיך ביים זשאנר פון קליינקונסט איז נישט קיין צופעליקע. דאס פארשאפט אַ באַפרידיקונג אין די פיל־זייטיקע מעגלעכקייטן וואס דאַרף, לויט זיינע ווערטער, הערשן אויף אלע עלעמענטן פון מאדערנער שפיל, אנהויבנדיק מיט דער דראמאטישער רעציטאציע און ענדיקענדיק מיט אַ בורלעסק אדער אַ מאָנאָלאָג. אין 10 מינוט — זאגט דזשיגאן — דארף דער קליינקונסט־אקטיאר דערגרייכן אין אַ נאוועלע, אין אַן איינאקטער אדער אין אַ יעדן „נומער" דעמזעלבן עפעקט, וואָס, למשל, אין אַ קאמעדיע פון דריי שעה. ער מוז זיין געשפאנט און פעיק צו אַ בליץ־אימפראָוויזאציע, באַהערשן דעם מצב, און דער עיקר האָבן אַ שטרענגע קאָנטראל אויף יעדעס וואָרט וואָס ער ברענגט ארויס פון זיין מויל.

דזשיגאן דערציילט, ווי דרך־אגב, וועגן די סכנות וואָס לויערן אויפן וועג פון קליינקונסט־טעאטער. אַ סכנה פון פארעלטערטקייט אין נוסח און אין דער אויספירונג, נאכמאכונגען פון טיפן און אזוי ווייטער. אין ערשטן מאָמענט מאכט דידאזיקע „ארבעט" אַ רושם אויפן עולם, אָבער דער סוף פון אזעלכע אקטיארן, אויב זיי זיינען נישט קיין מייסטערס — איז אַ דורכפאל. אזא אקטיאר באהאלט, זיך אין גרעסטן טייל, הינטער גוטע טעקסטן, אָבער אָך און ווי איז צו אים, אויב עס פאַלט אריין אין זיין מויל אַ שלעכטער טעקסט — דעמאלסט פארלירט ער זיין וועלט. ווייל עס איז נישט גענוג צו האָבן גוטן מאטעריאל, מען דאַרף וויסן ווי עס צו געבן. אַ גוטן אקטיאר איז לייכט צו דערקענען אין זיינע פּויזעס און אין שפיל אַן ווערטער. ווען מיט זיין לעבעדיקע דערשיינונג אויף דער בינע, וועקט ער עסטעטישע עמאציעס ביים טעאטער־עולם.

מיין פראַגע — מיט וואָס קען מען פארענטפערן דאָס וואָס עס געפינט אזא קליינע צאָל קאָמעדיע־אקטיארן אויף דער יידישער בינע, און ספעציעל, אין דער ראָם פון קליינקונסט. לויט דזשיגאנען זיינען פאַראַן צוויי עיקרדיקע סיבות: דער פחד פאַר דער אָפּהענגיקייט אין אַ גוטן טעקסט און די מורא צו בלייבן אליין אויף דער בינע,

כזה מסתתר לפרקים מאחורי הטכסטים הטובים, אבל אוי ואבוי לו אם יפול פעם לתוך קלחת של טכסט גרוע. בהופעה כושלת אחת עלול הוא לאבד את עולמו. כי לא די בחיבור טוב בלבד — צריך להוציא משחק ראוי לשמו מבין שורותיו. את השחקן הטוב קל להכיר בהפסקות השקטות, בש־תיקתו, כאשר אינו משמיע שום דבר, אבל כאשר עולם ומלואו גועש על הבמה והצופה חי את חווייתו האסתטית.

שאלתי פעם את דז׳יגן כיצד הוא מסביר, שכה מעטים הם שחקני הקומדיה על הבמה היהו־דית ובעיקר בתחום האמנות הזעירה. תשובתו היתה מאלפת ביותר. א׳ — טען הוא — יש כאן פחד ממש מפני התלות בטכסט הטוב ; ב׳ — הפחד להישאר יחידי על קרשי הבמה, עין בעין עם הקהל ; ההכרח להיות כשרון רב־צדדי ולשאת בעול המתח של היצירה.

כל הקשיים הללו קיימים גם אצל שחקן בתיא־טרון הדראמה, אבל שם תולים את הקולר בבימוי, או אומרים, כי אשם... המחזה. ואילו כאשר יחד עם המחזה נופל השחקן — אין מדברים על כך הרבה.

— מה הרגשתך בשלב זה של ערב פרמיירה בתיאטרון החדש שלך ? — שאלתי את דז׳יגן.

— מזה 30 שנה אני עובד ופעיל על הבמה הזעירה — השיב לי. במשך הזמן הזה ביצעתי 100 תוכניות לערך. לפני כל פרמיירה חייתי אותן ההרגשות ואת אותו הפחד מפני הקהל. כמו ערב מיבחן גדול. אני מתהלך 30 שנה על חבל דק ותמיד אני שואל את עצמי : אפול או אעבור ? עד כה לא מעדה רגלי... בין שאר הפחדים ירא אני, גם מפני... עין־רעה — לא כל כך מזו שמל־פני המסך, כמו מזו שמאחורי הפרגוד...

ס. גלברט

תל־אביב



זוכנדיק וואָס צו שפילן

אויג אויף אויג מיטן עולם, און דער באוווסטזיין, אז מען דארף זיין אַ גרויסער טאלאנט, כדי אויסצוטראָגן די געשפאנטקייט פון אַ שאפונג.

אויף מין פראַגע, וויאזוי פילט ער זיך פאר אַ פרעמיערע, האָט מיר דזשיגאן געענטפערט : שוין 30 יאָר ארבעט איך אויף דער קליינקונסט־בינע, אין משך פון דער צייט האָב איך אויסגעפירט אַ 100 פראגראמען. און פאר יעדער פרעמיערע האָב איך דיזעלבע געפילן און דעזעלבן פחד פאַרן עולם. אזוי ווי פאר אַן ערנסטן עקזאמען, שוין 30 יאָר ווי איך גיי אויף אַ דינעם שטריק און שטענדיק שטעל איך מיר די פראַגע : איך וועל איבערגיין אדער איך וועל אראָפפאלן... ביז איצט האָט מיין פוס זיך נישט אויסגעגליטשט... צווישן אנדערע שרעק האב איך אויך מורא פאר אַן עין־הרע — נישט אזוי פון פארן פוירהאַנג, ווי פאר דער פון הינטער די קוליסן...

ס. געלבארט

תל־אביב

# ודע לפני מי אתה משחק

אף־על־פי שהמוני־עם נראים כקהלו הטבעי של דז׳יגאן — הוא בדעה, כי מיטב הקהל שלו הוא זה המעורה במציאות הפוליטית והחברתית הישראלית. אלה שמתמצאים ב„ענינים״, לדבריו, הם גם הצוחקים את הצחוק הבריא לשמע בדיחותיו. אמנם, אלה הם גם יותר תובעניים וביקורתיים, אבל הם גם הקולטים כהלכה, ביתר הנאה, את חידודיו והצלפותיו.

יומרתו של דז׳יגאן היא „להתמודד״ עם הקהל הזה, כי את שבילו התיאטרוני הוא רואה עתה בעיצוב הומוריסטי־סאטירי של החיים הישראליים. ודאי, רעמי הצחוק הם הגמול היקר לאמן והם עדות ל„קונטאקט״ בין הבמה לאולם. אולם עיקר כוונתו של דז׳יגאן אינה סתם — להצחיק, סתם — לבדה, אלא לקלוע לנקודות רגישות של עולמנו.

אין זה עניין של הצלחה חיצונית. לפעמים מכרסם ספק אף אם האולם מלא ערב־ערב.

הקומיקן מדבר בעגמימות. ברצינות אנטי־דז׳יגאנית. ממש קונטראסט לאישיותו הבימתית. אולם לפתע „פורץ״ דז׳יגאן המוכר משכבר־הימים והוא נסחף בגלים־של־עצמו נזכר וצוחק, מספר ומצחיק:

יש קהל, — ולהקות שונות יודעות את הסוד הזה — שדי להגיש לו משהו הקשור ב„חתונה״: תהא זאת הצגת „החתן הנצחי״, או „החותנת המרה״, „החופה העצובה״, או „הכלה העליזה״ — וזה „ילך״, אם רק יתבלו את החומה בדמעה דשנה, או יוסיפו לו תבליני־דגדוג. דז׳יגאן אוהב בכל לב את אנשי־העם האלה, אבל הוא שואף לקהל ששוקל יותר את הצחוק והדמע — הקהל שמבין טעמה של סאטירה פוליטית.

מכאן מסקנתו האישית של דז׳יגאן:

הוא רוצה שתיאטרונו יהיה ישראלי, ברוחו וברפרטואר — אם־כי לשון ההצגה היא אידיש, ואם־כי הוא נזון ממסורת של יוצר־גולה כמו המשורר משה ברודרזון.

**יהושע א. גלבוע**

---

# פאר וועמען שפילט מען

כאטש די פאלקס־מאסן, וועלכע שטראמען צו זיינע פארשטעלונגען מאכן אן איינדרוק פון זיין נאטירלעכן עולם, האלט דזשיגאן, אז זיין בעסט פובליקום באשטייט אין גרעסטן טייל, פון מענטשן, וועלכע אריענטירן זיך גוט אין אלע פאליטישע און געזעלשאפטלעכע ישראלדיקע דערשיינונגען. די וואס פארשטייען זיך אויף די „ענינים״ זיינען עס די, וועלכע לאכן זייער געזונטן געלעכטער הערנדיק זיינע וויצן. אמת, דאס איז אן עולם, וואס פאדערט אַ סך, און ווייסט צו קריטיקירן, אבער ער קען אויך לייכטער און מיט מער הנאה אויפנעמען זיינע שטעך־ווערטלעך און קלעפּ.

און דזשיגאנס אמביציע איז צו פארמעסטן זיך מיט דעמדאזיקן עולם. ווייל ווי ער זאגט, זיין איצטיקער טעאטראלישער וועג איז צו געבן אין אַ הומאריסטיש־סאטירישער אפשפיגלונג דאס ישראלדיקע לעבן. געוויס, זיינען די הילכיקע געלעכטערס אַ טייערע באלוינונג פארן קינסטלער, דאָס באווייזט זיין אמתדיקן קאנטאקט מיטן פובליקום. אבער די עיקר־כוונה פון דזשיגאנען איז נישט צו מאכן סתם לאכנדיק אדער סתם — פארוויילן, נאר טרעפן אין שוואַכן פינטל.

דאָס איז נישט קיין פראַגע פון אויסערלעכן דערפאָלג. טיילמאל מאטערט אַ ספק, אפילו ווען דער זאַל איז פול יעדן אוונט.



זיצן (פון רעכטס): שמעון דזשיגאַן, קאָמפּאָזיטאָר שאול בערעזאָווסקי, אויטאָר דר. ה. ריטערמאַן־אביר. שטייען: רעזשיסער שרגא פרידמאַן („הבימה״) הומאָריסט מ. נודעלמאַן

דער קאמיקער רעדט מיט אנטי־דזשיגאנישער ערנסקייט. אַן אמתדיקער קאנטראסט צו זיין בינע־פערזענלעכקייט. אבער פלוצלונג „שפּרינגט״ ארויס דער לאנג־באקאנטער דזשיגאן און ער לאזט זיך שווימען אויף זיינע אייגענע כוואליעס. ער דערמאָנט זיך און לאכט, ער דערציילט און לאכט, דערציילט און מאכט לאכן:

עס איז פאראן ביי אונז אן עולם פאר יידיש טעאטער. און פארשידענע טרופּעס זיינען גע־וואויר געוואָרן דעם סוד, אז דער עיקר דארף מען דערלאנגען דעם עולם עפּעס וואָס האָט אַ שייכות מיט „חתונה״: אַן „אייביקער חתן״, אַ „בייזע שוויגער״, אַ „פריילעכע כלה״, א „טרויעריקע חופּה״, — און דאָס וועט „גיין״ אויב מען עס נאָר פארווירצן מיט א פעטע טרער אין מיט נאך א פעטערן קיצל...

דזשיגאן האָט זייער ליב אט די אלע פּאָלקס־מענטשן, אבער ער שטרעבט צו שפּילן פאר אן עולם, וואָס קאָן בעסער אָפּוועגן סיי געלעכטער און סיי טרערן. ער וויל אן עולם וואָס איז א מבין אויפן געשמאַק פון א פּאָליטישע סאטירע.

אזוי דערגייט דזשיגאן צו זיין אייגענעם וועג:

כאָטש זיין טעאטער־שפּראך איז יידיש און זיין קינסטלערישער סטיל ציט די יניקה פון א גלות־דיכטער, ווי עס איז געווען דער פּאָעט משה בראָדערזאָן, — וויל ער, אז זיין טעאטער זאָל זיין, סיי אין גייסט און סיי אין רעפּערטואר, א ישראלדיק טעאטער.

יהושע א. גלבוע

# ס׳איז שווער נישט צו שרייבן

די ישראלדיקע ווירקלעכקייט ליידט פון דוחק אויף פיל געביטן פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער אויף איין זאַך קאָנען מיר זיך נישט באַקלאָגן — אויף אַ דוחק אין טעמעס פאַר סאַטירע. אויף דעם געביט זענען מיר רייך, נאָך ווי רייך.

נעמט למשל, יענעם אויפגעקומענעם ישראל־גביר, וואָס חלומ׳ט פון אַרויסכאַפּן זיך קיין אויסלאַנד, כדי כאַטש אַרומצופאָרן אויף אַ וועספּאַ די לוווּר־גאַלעריי און נישט בלייבן הינטערשטעליק הינטער אַנדערע ישראלים, וועלכע ליידן פון אַ רייזע־מאַניע. אָדער אַ שטייגער, די אָנגעזעענע דאַמע, באַהאָנגען מיט כלעריי בלישטשענדע מעטאַלן וועלכע מוז זיין אויף דער ערשטער סעריע פון קאָנצערטן פון פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער, נישט כדי צו הערן בעטהאָווענס סימפאָניע, נאָר כדי צו זען די סימפאָניע פון ישראל׳ס קריסטיאַן דיאָר׳ס.

ווייטער האָבן מיר אין אונדזער ליכטיקער מדינה, אַ גאַנצע גאַלעריע פון לעבעדיקע טיפּן, וועלכע בעטן זיך ממש, מ׳זאָל זיי אַריינפירן אין דזשיגאַנס־סאַטירישן טעאַטער. אָט זענען זיי: אַ באַאַמטער־ביוראָקראַט, וואָס פירט אַרויס פון געדולד זיינע אינטערעסאַנטן; אַן אינטערעסאַנט — אַ נודניק, וואָס דערפירט די באַאַמטע ביז צו משוגעת; קאַפע־פּאָליטיקער, וועלכע דעצידירן ביים טישל דעם גורל פון דער וועלט; שנאָרערס, גאַסן־פּאַרקויפער און מוזיקאַנטן, וועלכע פאַרסמ׳ען דאָס לעבן פון די קאַפע־באַזוכער — וואָס פאַר אַ פ א נ א פ ט י ק ו ם, וואָס פאַר אַ פּאַראַד פון טשודאַקעס, וואָס פאַר אַ גאַלעריע פון טיפּן!

כ׳האָב זיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיט דער אידיי אַריבערצופירן עטליכע אַזעלכע טיפּן פון דער לעבנס־בינע אויף דער סצענע. יעדערער פון זיי פערזאָניפיצירט אַ געוויסע „משוגעת", וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ עפענטלעכע אָנשיקעניש.

אפשר וועט אַ באַאַמטער, וואָס איז אָנגעשטעקט מיטן ווירוס פון ביוראָקראַטיע, זעענדיק זיך אין קאַריקאַטוראַלער פאַרגרעסערונג אויף דער בינע, — אפשר וועט ער ענדערן די מעטאָדן פון זיין אַרבייט און באַציאונג צו מענטשן. אפשר וועט אַ נודניק, זעענדיק זיין פּנים אין שפּיגל פון סאַטירע, אויפהערן צו פאַרנודיען די אומגעבונג — דאַן וועט דער ציל פון דער סאַטירע זיין פולשטענדיק דערגרייכט.

איך בין איבערצייגט, אַז מיט דער צייט וועט די געזעלשאַפט זיך אָנהויבן פאַרטיידיקן געגן פאַרשידענע נעגאַטיווע דערשיינונגען, און — לויטן מוסטער פון דער ליגע געגן ר ע ש — וועט אפשר אנטשטיין אַ ליגע קעגן נודניקעס, אַ ליגע צו באַקעמפן חוצפה, אָן אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפן ביוראָקראַטיע, אַ פאַרבאַנד פאַר קריג געגן סנאָביזם א.ד.ג.

אָבער איידער דאָס אַלץ וועט אנטשטייך, דאַרף מען זיך באַמיען אויסצוואָרצלען די דאָזיקע אָנוווקסן אויף אונזער געזעלשאַפטליכן לעבן — דורך די שפּאַלטן פון דער פּרעסע, אין ביכער, אויף דער סצענע און דורך דזשיגאַנס סאַטיריש־טעאַטער א.נ.

ד״ר **ה. ריטערמאַן־אביר**

תל־אביב

# דער רבי און דער תלמיד

משה בראדערזאן און שמעון דזשיגאן — דער אויסערגעוויינלעך סובטעלער און ראפינירטער דיכטער און דער פשוטער, יונג־צעשפילטער, שקאציש־לצנישער שניידער־געזעלן, האבן מיט יארן יארן צוריק (דאכט זיך ערשט נעכטן איז עס געווען), זיך צוזאמענגעטראפן אין דער גרויסער קהילת לאדזש.

משה בראדערזאן, דער דיכטער־באנייער אין דער יידישער פאעזיע און דראמאטורגיע, האט געזוכט שותפים צו זיין ארבעט פון פארמעווען א ניי יידיש־גייסטיק און קולטור־לעבן נאך דעם חורבן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האט זיינע שותפים געפונען צווישן דער ארבעטנדער יידישער יוגנט אין לאדזש. אייניקע פון זיי זענען מיט אים אוועק אויף זיין גרין־צעבליטן פעלד פון פאעטיש־געזאנג. שמעון דזשיגאן איז געווארן בראדערזאנס שותף אין שאפן די נייע יידיש־סצענישע קונסט, וואס זיפצט נישט און קלאגט נישט, נאר ברענגט הייטערקייט און נשמה־דער־הויבונג.

אין שמעון דזשיגאַן האָט בראָדערזאן אנט־דעקט דעם נאטירליכן טרעגער פונעם יידישן פאלקס־הומאר, דעם פאלקס־טיפ, וואס קאן אפטי־מיסטיש זיך אויסלאכן פון די שונאים און אויפ־שפילן א פרייליכס.

משה בראדערזאן האט דזשיגאנען אַריינגעפירט אין וואַרשטאַט פון טעאַטער־קונסט. דער דיכטער האָט זיין באַגאַבטן תלמיד אַריינגענומען אין זיין מחיצה און געוואכט איבער אים ווי איבער א טייערן אוצר. שמעון דזשיגאן איז געווארן דער שעפער און דער יסוד פארן בראדערזאנישן קליינ־קונסט־טעאטער „ארארט“ (אראראט“).

אונטער דער ווירקונג פון זיין גרויסן רבי האט שמעון דזשיגאן געשאפן א נייעם נוסח פון סצענישער קונסט, וועלכע איז אוועק מיט א טריומף־מארש איבער דישע שטעט און שטעט־לעך אין פוילן. בעת דער דייטשער אויסראטונג איז דזשיגאן אַריבער די גרענעץ און צוזאמען מיט זיין רבי געברענגט הייטערקייט און אויפמונטע־רונג די יידן אין סאוויעטן לאנד. דארט האָט דזשיגאנען געטראפן דער זעלבער גורל, ווי שפע־טער בראדערזאנען: תפיסה, אויספארשונג און לאגער.

אין ישראל־לאנד האט דזשיגאן זיך באוויזן ווי א רייפער פולבלוטיקער סצענע־קינסטלער. אין עברית־לאַנד האָט ער אַריינגעבראַכט דעם עכט יידישן וויץ און ווארטשפיל נאך וועלכן עס בענקען אַזוי שטאַרק די ערנסטע העברעער.

שמעון דזשיגאן איז איצט צוגעטרעטן אויפסניי אויפצושטעלן זיין קונסט־בינע, וואס וועט צוריק־ברענגען דעם הומאר און געלעכטער צו די ישראל־יידן. גלייכצייטיק דערפילט ער א הייליקן חוב פאַר זיין רבי צו פאַראייביקן זיין אָנדענק אין ישראל דורך אנרופן דאס יידישע סאטירישע טעאטער א. נ. פון משה בראדערזאן.

דאָס באַווייזן זיך פון דעם דאָזיקן עכט דזשי־גאנישן סאטירישן טעאטער איז א גרויסע דער־גרייכונג פאַר דער יידישער סצענישער קונסט אין ישראל און וועט הארציק באגריסט ווערן פון אלע ליבהאבער פון געלייטערטן און דערהויבע־נעם יידישן ווארט.

**א. וואלף יאסני**

תל־אביב

# NEWS AND VIEWS

## The Dzigan Revue: Fine Comedy. Sketches from Israel Life. Go to See It

The other day, I went to see S. Dzigan, the comedian, in a Yiddish revue entitled "lacht zich arop fun hartzen", at the Casino Theatre, formerly the Phoenix Theatre, Second Avenue and 12th Street, and, as I expected, enjoyed myself a great deal. I had seen Dzigan in Israel in a Yiddish and Hebrew program, and had a good time watching him. Now, on Second Avenue, Dzigan, has proved again that he can supply a whole evening of great joy and amuse-

Dzigan's program does not altogether depend for its effectiveness on this or the other joke which is said and soon forgotten ; it relies more on comic situations that are developed by clever dialogue and enlivened by excellent playing, highlighted by mimicry. Thus the opening piece of the program deals with a program director of a radio station in Jerusalem, who happens to be a stutterer. The poet, who comes to the program director for an audition, brings an immortal poem, which is "corrected" on the spot to the great amusement of the audience, and the cantor, who arrives next tries to make up for his poor voice with the acting roles of two of his daughters, who manage to keep the audience in stitches. The program also features a number of scenes from the daily Jewish life in Israel with all its high comedy and subdued seriousness.

# דזשיגאנס רעוויו ישראלדיקע סקעטשן כדאי זיי צו זען

אין איינעם אַ טאָג בין איך געגאנגען זען דעם יידישן קאמיקער ש. דזשיגאַן אין דער רעוויו „לאכט זיך אַראָפּ פון האַרצן" אין קאסינא טעאַטער, און איך האָב מיך זייער גוט געוויילט. איך האָב געזען דזשיגאנען אין ישראל אין אַ יידישן און אין אַ העברעישן פּראָגראַם, און איך האָב דעמאָלט פארבראכט אַ זייער גוטן אוונט. איצט, אין טעאטער אויף דער סעקאָנד עוועניו, האָט דזשיגאַן נאכאמאל באוויזן, אז ער קען אויספילן אַ גאַנצן אוונט, מאַכן דעם עולם פריילעך און אים אַמוזירן.

דזשיגאנס פּראָגראַם איז בכלל נישט אָפּהענגיק אינעם אויספיר פון דעם אדער יענעם וויץ, וואס ווערט געזאָגט און ווערט באלד פארגעסן; ער שטיצט זיך מער אויף קאָמישע סיטואציעס וואָס אנטוויקלען זיך וואָס מער אין אַ קלוגען דיאַלאָג, באַגלייט פון אַן אויסגעצייכנט שפּיל און איינדרוקפולער מימיק. אין ערשטן טייל פון פּראָגראַם דערשיינט אַ פּראָגראַם־לייטער פון ראַדיא, וואָס איז צופעליק אַ שטאמלער. דער פּאָעט וועלכער קומט צו אים פאַר אַן אודיציע ברענגט מיט זיך זיין אַן „אייביקע" פּאָעמע, וואס ווערט אָבער אזוי „צוגעארבעט", אַז זי זאָל קענען ווײַלן די צוהערער. נאכדעם דערשיינט אַ חזן מיט אַן ארעמע שטימע, וואָס וויל זיך ראטעווען מיט דעם טעאטער־שפּיל פון זיינע צוויי טעכטער, און אזוי ארום איינעמען דעם עולם. דזשיגאנס פּראָגראַם פארמאגט אויך אַ צאל סצענעס פון טאגטעגלעכן יידישן לעבן אין ישראל, געגעבן און זיין קאמישער זייט און געמאכטער ערנסטקייט.



שמעון דזשיגאן אין א שמועס מיט דעני קיי

דער פּראָגראם צייכנט זיך אויס מיט זיין הויכן שטייגער און רעדט צום עולם, אבסאָלוט ריין פון ווולגאריטעט און ביליקן געשמאַק. דזשי־גאַן האט באַוויזן, אז ער קען צוזאמענשטעלן אַ פּאָפּולערן פּראָגראם און ער זאל נישט זיין ביליק און ווולגאַר. דאָס אליין קען דינען ווי אַ גוטע לעקציע פאר די מערסטע סעקאנד־עוועניו־רעוויס, צו וועלכע מיר זיינען געוווינט געוואָרן אין די לעצטע פאָר יאר.

דער פּראָגראם אַנטהאַלט אַ גרויסע מאָס פון פּאָליטישער סאטירע מיט אנצוהערענישן חוץ בן־גוריון אויך אנדערע פּאָליטישע פערזענלעכקייטן אן ישראלדיקן לעבן, אבער אַלץ ווערט געגעבן אין אַזאַ גוטן גייסט, אז קיינער קען זיך נישט פילן באליידיקט. פארקערט, די באציונג צו די ישראלדיקע פּאָליטיקער, און ספּעציעל, צו בן־גוריונען דינט צו שטאַרקן דער פאַרווילונגס ווערט פון דזשיגאנס רעוויו.

איך רעקאמענדיר מיטן גאַנצן האַרץ, אז די וואס האָב ליב אַ גוטע, געזונטע און ריינע פאר־שטעלונג, זאָלן אויסנוצן די געלעגנהייט פון די נאָך עטלעכע פארשטעלונגען דזשיגאַנס, און גיין זען דידאזיקע יידישע קאמעדיע.

**דר. ש. מארגאָשעס**

The program excels with the high standard through which it appeals to the audience. There is absolutely no resort to vulgarity or to pandering to lower tastes. Dzigan has shown that he can construct a popular program and amuse a great audience without becoming cheap and vulgar. In that alone lies a salutary lesson for most of the Second Avenue revues we have become accustomed to in the last few years.

There is a bit of political satire in the program in a number of allusions to Ben Gurion and other political figures in Israeli life, but all is done in such good spirit that no one could possibly take umbrage. On the contrary, the references to Israeli politics and particularly to Pramier Ben Gurion, serve to heighten the entertainment value of the Dzigan revue.

afternoon and evening. I heartily recommend it to all lovers of good, sound, clean and entertaininig Jewish comedy.

DR. S. MARGOSHES

# ש. דזשיגאַנ׳ס „פּריש, געזונט און משוגע״

דזשיגאנס ישראל־רעווי איז דער בעסטער באַווייז, אַז אין דער יידישער מדינה לאזט מען פראנק און פריי שפילן יידיש טעאטער. די וואס זאגן אנדערש, זענען ליגנער...

היות ווי כ׳האב דאס פראגראם „פריש, געזונט און משוגע״ געזען אין ישראל, לכן זאל מיר דערלויבט זיין צו זאגן, אז אין ניו־יארק האט דזשיגאן געגעבן בלויז פראגמענטן פון דעם פראג־ראם, ווי אויך צוגעשטוקעוועט נומערן פון אנ־דערע פראגראמען. נו, נאטירלעך, ער האט זיך געמוזט דא צופאסן צום אנסאמבל, ווי אויך צו דעם פאקט, וואס ער טרעט אויף מחוץ לארץ.

האבן פיל געלאכט און הארציק געלאכט פון דער סאטירע אויף דער בינע און דערביי געוווסט, אז דאס קומט פון אן אייגענעם וועגן אייגענע. דערפאר זענען טאקע די אפלאדיסמענטן געוועזן אזעלכע הילכיקע און לאנגדויערנדע.

שמעון דזשיגאן האט נאכאמאל און ווידער אמאל ארויסגעוויזן, זיך אלס א קרעפטיקער קא־מיקער און שארפער סאטיריקער, וואס ווייסט ווי אזוי צו טרעפן אין פינטל אריין. באזונדערס שטארק איז ער אין די מאנאלאגן ווען דזשיגאן איז אויף דער בינע לאכט מען, מען מוז לאכן. ס׳איז גוט מיט אים צו לאכן.

דער אויפטריט פון ש. דזשיגאן אנסאמבל איז געווען א פרישער ווינט, וואס האט אריינגעבראכט אן אפפרישונג אין אונדזער טעאטער־סעזאן. טויזנטער יידן האבן שוין געזען, געהערט דזשי־גאנען און זיין אנסאמבל — און הנאה געהאט. פיר קאנצערטן זענען אבער ווייט נישט גענוג. דזשיגאן דארף נאך זיינע גאסטראלן אין מעק־סיקא ווידער אויפטרעטן אין ניו־יארק. זאלן נאך טויזנטער יידן הנאה האבן פון ישראל וויץ, הומאר און סאטירע און לאכן, לאכן און לאכן. ס׳איז גארנישט אזוי שלעכט אמאל אין א נאווינע זיך מאכן „פריש, געזונט און משוגע״.

ד״ר נ. סווערדלין
טאָג — מאָרגן־זשורנאל ניו־יאָרק



# דזשיגאן: „לאך זיך אראפ פון הארצן"

ווען ס'וועגדט זיך אן דעם שרייבער פון היינ־טיקן באריכט און אן דעם עולם וואס האט אנגע־פאקט דעם קאסינא איסט טעאטער, וואלט שמעון דזשיגאן מיט זיין טרופע פון פיר אקטיארן און אקטריסעס פארבליבן אין ניו־יארק כאטש ביז די גרויסע היצן פון יולי. די יידישע בינע, וועלכע האט אמאל זיך געקענט ברימען מיט אזעלכע קאמיקער ווי א זיגמונט מאגולעסקא, א לודוויג זאץ, א יצחק פעלד און א שפאר ביסל אנדערע גאט־געבענטשטע געלעכטער פארשאפער איז איצט, ווען מנשה סקולניק איז אויף בראדוועי, כמעט ווי אויסגעטריקנט פון דעם מין טעאטער. אוודאי פארמאגן מיר נאך א צאל קאמיקער, אבער זייער קאמיזם איז מייסטנס א פאבריצירטער, א מאשינאווער, אן ספאנטאנקייט און אן הומאר.

דער אמאליקער יידישער טעאטער פון פוילן האט אונדז איבערגעלאזן בירושה זיין געלעכטער, זיין ליכטיקן הומאר, זיין שארפזין און זיין קלוגע איראניע אין דעם אקטיאר מיטן וויינענדיק־שמייכלענדירן פנים, שמעון דזשיגאן. איז דאס א ירושה, וואס זאל אונדז גארנישט פארשטערט ווערן און לאנגע, לאנגע יארן, זאל זי זיך ביי אונדז האלטן. דזשיגאן האט זינט די לעצטע מלחמה האט זיך פארענדיקט באזוכט, דאכט זיך, ווו די וועלט האט נאר א יידן און האט אונדז אויסגעלערנט ווידער צו לאכן, אפלאכן און אויס־לאכן — אונדזערע שונאים אויף צו להכעיס.

זיין איצטיקער פראגראם מיט וועלכן ער טרעט אויף יעדן „וויקענד" אין דעם אמאליקן קונסט־טעאטער, וועלכער הייסט איצט „קאסינא איסט", הייסט: „לאכט זיך אראפ פון הארצן". דער נאמען איז א גערא טענער. ניט זינט די צייטן פון טשארלי טשאפלין האבן מיר געהערט אזעלכע כוואליעס פון געלעכטער, אזא אומאויפהערלעכן געלעכטער ווי ביי אט דער פארשטעלונג. ס'איז א פארשטעלונג פון ריינעם הומאר און ריינעם קאמיזם.

ווו ליגט דער כוח פון אט דער פארשטעלונג?

ערשטנס, אין דעם מאטעריאל. דזשיגאן באק־לאגט זיך נישט, אז „עס פעלן פיעסן", אז „עס נישטא קיין שרייבער". ער גיט אייך אן, אין פרא־גראם, די נעמען פון די שרייבער, וועלכע האבן אים צוגעשטעלט די ליטערארישע זייט פון פראג־ראם. און דאס זענען נישט שרייבער, וואס קייען איבער וואס די „גויאישע בינע" האט שוין ארויס־געגאסן. זייערע סצענעס, דיאלאגן, וויצן און געדאנקען זענען קלוג, שארפזיניק, בליציק און שפילעוודיק. די שרייבער נעמען אן, אז דער עולם לייענט א צייטונג, ווייסט וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט, אז דער עולם באשטייט פון דערוואקסענע מענטשן.

דער הויפט־כוח דזשיגאנס, בין איך איבער־צייגט, ליגט אבער אין זיין איינגעבוירענעם חוש פאר דעם וואס דער אמעריקאנער רופט אן „טאימינג". יעדער גרויסער קאמיקער מוז עס האבן אויב ער שטרעבט צו פארנעמען אן אויבן־אן אין זיין פראפעסיע. קוקט זיך אויפמערקזאם צו דזשיגאנען אויף דער בינע. איר וועט זען, ווי זיין הויב מיט א ברעם, זיין קוועטש מיטן שולטער, די דינקייט פון זיין שמייכל; די פויזע אין מיטן פון א פראזע — אלץ איז אויסגערעכנט, אפגע־מאסטן; געוואויגן. אין דעם באשטייט די טעכניק פון דעם קאמיקער. עס איז נישט גענוג צו האבן גוטן מאטעריאל, צוגעשטעלט פון גוטע שרייבער, הומאריסטן און פעליעטאניסטן. דער שוישפילער דארף קענען אריינבלאזן אין אט דער „ליטערא־טור" דעם לעבעדיקן אטעם פון זיין אייגענעם קינסטלערישן כוח.




און שמעון דזשיגאן פארמאגט די אלע נויטיקע
מעלות. ער איז א קאמיקער־הומאריסט פון גרוי־
סן פארנעם. די יידישע וועלט האט א רעכט מיט
אים צו שטאלצירן. ער האט איר אויסגעלערנט

ווידער צו לאכן, מיט א ריינעם און קלוגן געלעכ־
טער.

חיים עהרענרייך

„פאָרווערטס“, ניו־יאָרק

# די אונטערשטע שורה: לאכן איז געזונט

עטלעכע טויזנט ניו־יארקער יידן זענען אין פארלויף פון דעם פארגאנגענעם „וויק־ענד" גע־זעסן אויף פיר פארשטעלונגען פון א דזשיגאן־רעווי און האבן זיך געקאלערט פון געלעכטער. דאס איז א פאלקסטימלעכער אויסדרוק, וואס פארמאגט די חנוודיקע אייגנשאפט פון גוזמא. אבער, ווען מיר וואלטן אנשטאט „געקאלערט זיך פון געלעכטער", אויפגעשריבן „געהאלטן זיך ביי די זייטן", וואלט דא נישט געווען קיין אנדייט פון אן איבערטרייבונג. די טויזנטער פארזאמלטע יידן, וועלכע זענען דא אהערגעקומען פון אלע ווינקע־לעך פון דער גרויסער ניו־יארקער מעטראפאליע, האבן אנגעהויבן צו לאכן פונקט א פערטל נאך אכט, ווען שמעון דזשיגאן האט זיך באוויזן אויף דער בינע, און האבן אויפגעהערט צו לאכן, ווען שמעון דזשיגאן איז פארדעקט געווארן דורך דער אראפ־געפאלענער קורטינע.

אין דער וויסנשאפט זענען פאראן אכציק טעאריעס וועגן דער פראגע, „פארוואס א מענטש לאכט?" שמעון דזשיגאן איז די טעאריע נומער איין־און־אכציק! דער מענטש לאכט ווען שמעון דזשיגאן קומט ארויס אויף די בינע־ברעטער, און עס איז באמת נישט קיין אונטערשיד וואס ער „דערלאנגט" דעם עולם. איך בין זיכער, אז ווען שמעון דזשיגאן וואלט אפילו איבערגעלייענט אויף דער בינע א הספד, וואלט זיך זיין יידישער עולם געקאטשעט פון לאכן.

* * *

שמעון דזשיגאן איז א קינסטלער פון א הויכער מדרגה. דאס האט מען שוין געזאגט. אבער עס מאכט נישט אויס, אז מען זאגט עס נאך אמאל. קודם כל בין איך זיכער, אז דזשיגאן אליין האט עס ליב צו הערן. און צווייטנס, איז עס נויטיק נאך אמאל און ווידער אמאל איבערצוחזרן פאר יידן. געלעכטער ביי יידן ווערט נישט געפארט מיט קונסט. קונסט ביי יידן הייסט צאפן טרערן, טראגן שווארצע אנצוגן און ארייננווארפן יענעם און זיך אליין אין א צושטאנד פון מרה־שחורה. יידן, וואס זענען א פאלק פון הומאר, האבן אבער נישט פאר הומאר דעם מינימאלסטן דרך ארץ. דאס איבערחזרן, אז שמעון דזשיגאן איז א קינסט־לער פון א הויכער מדרגה איז א רעהאביליטאציע פון דעם באגריף פון הומאר.

* * *

די רעווי „פריש, געזונט און משוגע" איז א רעווי מיט א לויטער ישראלדיקן אינהאלט, אבער דער פאקט, וואס דער עולם האט זיך געהאלטן ביי די זייטן איז א פאקט, וואס באווייזט, אז די רעווי האט אויך צוגעטראפן אין פינטל אריין דעם שטייגער־לעבן פון די יידן פון ניו־יארק, פונקט ווי זי וועט מארגן צוטרעפן דעם ייד פון מעקסיקע און איבערמארגן — דעם ייד פון בוענאס איירעס. מיר האבן דא נישט בדעה צו שטעלן קיין „סטאַ־פניעס" און זאגן וועלכער נומער עס איז געווען גוט און וועלכער ס'איז געווען בעסער. דער עיקר איז, אז די אונטערשטע שורה איז געווען א שאלענדיקע און פריילעכע און א לאכנדיקע, און אויב עס איז אמת, אז „לאכן איז געזונט", וועט יעדער פון די עטלעכע טויזנט יידן אויף א לאנגער צייט אפשטעלן די וויזיטן ביי די דאקטוירים.

אברהם שולמאן ניו־יאָרק



א „וויזשניצער" ישראל־סאָלדאַט

The New York Times.

NEW YORK, MONDAY, DECEMBER 11, 1961

# Theatre: Israeli Revue

**'Gezunt un Meshuga' Opens at the Casino**

Shimen Dzigan and his colleague are strictly modern and topical. Their material something old, something new, something borrowed but nothing blue, is more of an intimate club entertainment than a theatrical enterprise. The microphone is on stage. there are no settings worth mentioning and only a few moments of spirited dancing represent an attempt at staging. The Israelis also speak Yiddish only, unlike revues, which lapse into English.

You may have heard some of the jokes before but they are neatly enacted. The allusions to Israeli life and American tourism are pertinent and amusing.

Despite this kibitzing, there is pride too, but without flag-waving. Why should jews visit Israel ? To ride a jewish train, with a Jewish conductor who punches Jewish tickets with little Jewish holes, It's an altogether entertaining show.

Mr. Dzigan is a rather somber-looking, talented humorist who switches gaily from moody meditations abbut psychology. (time was, the doctor spoke to you, now you go to speak to the doctor) to corny slapstick.

The Casino is the former Phoenix. But it was originally built as a Yiddish theatre. Thus the current tenant symbolizes a limited counterattack on incursions by such parvenu neighborhood idioms as English and Spanish.

RICHARD F. SHEPARD

# א ישראל־רעווי

די פארשטעלונג „געזונט און משוגע״, וואָס ווערט איצט געשפילט אין „קאזינא־טעאטער״, אונטערשיידט זיך פון אמעריקאנישן יידישן טעאטער וועלכער האט אַ נויגונג צו פאמיליע רייבונגען און צו זכרונות פון דער אמאליקער אלטער היים.

שמעון דזשיגאן און זיינע קאלעגן זיינען זייער מאדערן און אינהאלטרייך. זייער מאטעריאל, אביסל אלט, אביסל ניי. אביסל אויסגעבאָרגט, אבער קיינמאָל נישט אומאינטערעסאנט, איז מער צוגעפאסט צו אן אינטימער קלוב־שפיל, ווי צו אַ טעאטער־פארשטעלונג. די ישראל־רעווי ווערט געשפילט אין אַ ריינעם יידיש, נישט ווי די רעווים וואס פאלן אריין אין ענגליש.

די אנצוהערענישן אויף דעם לעבן אין ישראל און אמעריקאנישע טוריסטן זיינען צוגעפאסט און אַמוזירנדיק.

טראָץ דאס דאזיקע וויצלען זיך איז אויך פאראן שטאלצירונג, נאר אָן שאקלען מיט דער פאָן. אין אלגעמיין איז עס אן אמוזירנדיקע פארשטעלונג. דער ערנסט־אויסזעענדיקער מיסטער דזשיגאן איז אַ טאלאנטפולער הומאריסט, וועלכער מאכט שפילעוודיק שנעלע איבערגאנגען פון טרויעריקע מעדיטאציעס וועגן פסיכאלאגיע צו שארפע סאטירישע שאָסן.

דער „קאזינא״ איז אמאל געבויט געווארן אלס יידיש טעאטער, אין די איצטיקע רעווי־פארשטעלונג איז געוועזן ווי אַ סימבאל פון א קאנטראטאקע קעגן דער אינוואזיע פון ענגליש און שפאניש.

ריטשארד פ. שעפארד

DAILY NEWS
NEW YORK'S PICTURE NEWSPAPER ®
New York 17, N.Y., Monday, December 11, 1961

# Israeli Revue at the Casino

The Phoenix Theatre, on Second Ave. and 12th St., former home of the production company of the same name, is once again housing a Yiddish show.

Renamed the Casino, it has as its first tenant a touring Israeli revue, "Gezunt and Meshuga," which was plucked of the road to fill the house weekends until spring.

"Gezunt and Meshuga" ("Healthy and Crazy"), unlike its American-Yiddish counterparts, is an unpretentious show with no sets, a few props, a piano and simple costuming. It provides an amusing Israeli view of Israel, using humorous jabs and pokes more than broad comedy for its

Through a prologue called "Who Drives Whorn Crazy ?", its sets forth a devilish theme that runs through most of its sketches which pit citizen against beauracrat in such places as a courtroom, an immigrant service office of the jewish Agency a railroad depot, an international airport and the United Nations, among others.

The material, contributed by a handful of perceptive Israeli witers, is expertly handled by Shimen Dzigan, the comely Shifrah Lehrer, Shmuel Fisher and Samuel Goldstein. Dzigan, an amiable comedian, also directed the show. His pace is sauntering but his eye for comedy is sure and the result is a pleasant evening.

LEE SILVER



די פאַרשטעלונג פון ישראלדיקן גאַסט־רעווי „געזונט און משוגע" איז אין קעגנזאַץ צום יידיש־אמעריקאנישן טעאטער, אַ באַשיידע־נע, אָן פרעטענסיעס און מיט אַ פשוטע אויסשטאַ־טונג. זי גיט אַן אמוזירנדיקן אויסבליק אויף ישראל, באַנוצנדיק זיך מיט הומאָריסטישע ווערטלעך און וויצן.

אַ פראָלאָג מיטן נאָמען „ווער מאכט ווען משוגע ?" פירט אונז דורך פאַרשיידענע סקעטשעס צו דער טעמע, וואָס באַהאַנדלט דעם קאַמף פונעם בירגער קעגן דער ביוראָקראַטיע.

דער מאַטעריאַל, צוגעגרייט דורך ישראלדיקע שרייבערס, ווערט אין אַ פיינער פאָרם געשפּילט דורך שמעון דזשיגאַן און זיין אַנסאַמבל. דזשיגאַן, אַ סימפּאַטישער קאָמיקער, האָט אויך רעזשיסירט די פאָרשטעלונג. זיין שריט איז אַ געמאָסטענער אָבער זיין אויג פאַר קאָמעדיע איז זיכער, און דער רעזולטאַט איז געווען — אַן אַנגענעמער אָוונט.

לי סילווער

New York Post

©1961 New York Post Corporation
Re entered as 2nd class matter Nov. 23, 1949 at the Post Office at New York under Act of March 3 1879

Vol. 161 No. 21 — NEW YORK, MONDAY, DECEMBER 11, 1961 — 10 Cents

# Yidish Humor Buddles in Revue by Israeli Group

When the Yiddish revue, "Gesunt un Meshuga" (Hale and Crazy) starts rolling, his qualms are suppressed by almost continual laughter folojowed by sustained applause at the conclusion of each sketch. All this happened — and more — Saturday night on the stage of the Casino Theater (formerly the Phoenix), where "Gesunt un Meshuga" opened week-end showings.

We say more, bccause of the bewitching Shifrah, who not only proves an excellent foil for the shenanigans of Dzigan and his supporting male comics, Shmuel Fisher and Shmuel Goldstein, but breaks into beguiling folk songs with a pleas ing voice.

### A Clever Mixture

Dzigan is the star and director of his own Yiddish theater in Israel, and is leading his troupe on a national tour. They mix a clever cluster of sketches and songs in a revue that should find a growing response at the Casino during their stay of three or four week-ends.

Gerunt un meshuga unwraps the biggest package of laughs.

BEN ROSENBERG



דזשיגאנס יידישער רעוויו „געזונט און משוגע", וואָס ווערט געגעבן אין „קאזינא־טעאטער" ווערט באגלייט מיט כסדרדיקע אָפּלאדיסמענטן און געלעכטער, וואָס חזרן זיך איבער ביי יעדן סקעטש.

דזשיגאַן איז דער הויפּט־אקטיאר און רעזשיסער פון זיין אייגענעם יידישן טעאטער אין ישראל, וועלכער געפינט זיך אין אויסלאנד אויף אַ טור.

די רעוויו, וואָס איז צוזאמענגעשטעלט פון קלוגע סקעטשס און לידער וועט געוויס האָבן גרויס דערפאלג אין די עטלעכע וואָכן, וואָס זיי וועלן זיך געפינען אין קאזינא־טעאטער.

„געזונט און משוגע" רופט ארויס, ווי געזאגט, אומאויפהערלעכע געלעכטער־אויסברוכן.

בען ראזנבערג

# THE MONTREAL STAR

## Yiddish Satire from Israel

A vocabulary of about six words of Yiddish hardly qualifies one to pess judgment on someone who is billed as Israel's most popular artist of humor and satire, but after attending yesterday's matinee performance of "Frish, Gezunt und Meshuge!" (Fresh, Healthy and Crazy) I would be prepared to accept this description of Shimon Dzigan as an accurate one.

I had, of course, to rely on the audience reaction for the quality and effectiveness of the humor, but there was no mistaking the technical ability or the artistry of the performer.

Mr. Dzigan has all the necessary technical equipment for the perfect comic monologuist — an easy delivery, a good range of expression, split-second timing and the knack of repartee. His full talents, however, were better displayed in the skits performed with other members. of the cast. Here Mr. Dzigan was able to demonstrate his pantomimic abilities as an actor I imagine he would he a riot in a Yiddish farce. But he probably is at his best in the satirical comment which I could recognize but, alas, could not understand.

One clue to Mr. Dzigan's professional competence may be discerned in the quality of his tiny cast.

SYDNEY IOHNSON

# יידישע סאטירע אין ישראל

פאר א מענטש וואָס קען נאָר אַ פאָר ווערטער אין יידיש, איז שווער צו קוואליפיצירן און ארויסצוזאגן אַ מיינונג וועגן אימיצן, וואס איז אנערקענט אלס דער פאפולערסטער ארטיסט פון הומאָר און סאטירע. אבער זייענדיק אנוועזנד אויף דער מאָרגן־פארשטעלונג פון „פריש, געזונט און משוגע" בין איך גרייט צו אקצעפטירן די מיינונג וועגן דזשיגאנען.

שטיצנדיק זיך אויף דער רעאגירונג פון אָנווענדן עולם קען מען גלויבן אין דער קוואליטעט און אמתדיקייט פון זיין הומאָר. אבער מען קען נישט האָבן קיין טעות ווען עס רעדט זיך וועגן זיינע טעכנישע מעגלעכקייטן און זיינע ארטיסטישע פעיקייטן.

ש. דזשיגאן פארמאגט אלע נויטיקע טעכנישע אייגנשאפטן פאַר אַן אויסגעצייכנטן קאמישן מאָנאלאגיסט — אַ לייכטע פאָרם פון אויסדרוק, אַ גוטע עלאסטישקייט און עקספרעסיע, אַ גיכע אריענטאציע און אַ טאַלאַנט צוצופאַסן די געהעריקע ווערטער צו דעם וואָס ער וויל אויסדריקן.

ש. דזשיגאן איז פעיק צו דעמאנסטרירן זיין פאנטאמימישן כוח אלס אקטיאר. איך שטעל מיר פאָר, אז ער וואָלט געווען אַן אויסגעצייכנטער קאָמיקער אין יידישן פאַרס. עס איז מעגלעך, אז דזשיגאן איז אמבעסטן אין זיינע סאטירישע נומערן, וואָס איך קען אָנעמען, אָבער צום באדויערן האָב איך זיי נישט פארשטאנען.

אַ סימן פאר דזשיגאנס פראפעסיאָנעלע קאמפעטענץ קען דינען אויך די קוואליטעט פון זיין אנסאמבל.

סידניי דזשאנסאן

# ש. דזשיגאַן וועגן ישראלדיקן טעאַטער

שמעון דזשיגאַן איז נישט פאַרינטערעסירט צו רעדן וועגן טעאַטער: „איך בין געוואוינט צו רעדן אין טעאַטער, כדי מהנה צו זיין דעם עולם און מאַכן אים לאַכנדיק, אויב איך וועל רעדן וועגן טעאַטער. האָב איך מורא, אַז איך וועל אים מאַכן וויינענדיק“.

אָבער דאַסמאָל האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן, און אויף זיין שטייגער, מיט זיין אייגנאַרטיקן הומאָר, גערעדט וועגן די האַרבע און ערנסטע, לויט אים, פּראָבלעמען און וועגן דעם מצב פון היינטיקן ישראל־טעאַטער.

כאָטש דזשיגאַן אַלס „עולה חדש“ (ער איז געקומען אין ישראל נאָך דער אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה) און כאָטש ער טרעט נישט אויף אויף דער העברעישער בינע און רעדט נישט העברעיש — איז ער דאָך גוט אָריענטירט אין די פראַגן פון ישראלדיקן טעאַטער אין אַלגעמיין.

לויט זיין מיינונג, איז דער קריזיס אין ישראלדיקן טעאַטער נישט קיין נייע דערשיינונג. ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען דאָס ישראלדיקע טעאַטער האָט פאַרלוירן זיין אייגנאַרטיקן וועג.

ש. דזשיגאַן שאַצט אָפּ ווי געהעריק און האָט גרויס אַכטונג צו דער „הבימה“. ער האָט שטענדיק אין איר געזען אַ וועג־ווייזער פאַרן יידישן ישראלדיקן טעאַטער. ער געדענקט גוט איר אַמאָליקן באַזוך אין לאָדזש, ווו עס האָבן זיך נישט געפונען קיין סך העברעיש־קענער, אָבער איר אויפטריט האָט אַרויסגערופן גרויס התלהבות צווישן יידן און נישט־יידן. זי האָט געשפּילט אויף די געפיל־סטרונעס פון ייד און מענטש. זי האָט געשטעלט פּיעסעס, וואָס האָבן דערציילט וועגן ליידן פון יידישן פאָלק, ווי „היהודי הנצחי“ אָדער פון יידישן פאָלקלאָר, ווי דער „דיבוק“ און „גולם“.

אין די לעצטע יאָרן האָט די „הבימה“ פאַרלוירן איר פּרצוף, די אויפגאַבע פון יעדן טעאַטער „און דער עיקר“, פון אַ נאַציאָנאַל טעאַטער איז אָפּצושפּיגלען אין זיינע פאַרשטעלונגען די דערשיינונגען און פּראָבלעמען פון דער תקופה. מיר לעבן אין אַ תקופה אין וועלכער עס זיינען פאָרגעקומען אויסערגעוויינלעכע געשעענישע, אין דער יידישער וועלט — די יידישע גבורה און די אַנטשטייונג פון דער מדינה, דער טראַגישער אונטערגאַנג פון יידישן פאָלק אין אייראָפּע. האָבן מיר דען געזען אַ סך פּיעסן וואָס האָבן געגעבן אַן אויסדרוק צו דידאַזיקע געשעענישן אין אונזערע טעאַטערס? די „הבימה“ האָט געדאַרפט זיין אַ מוסטער אויך פאַר יונגע אַקטיאָרן. צום באַדויערן האָט זי נישט ווי געהעריק אויסגעפירט איר מיסיע. במשך פון דער צייט האָט די „הבימה“ אויפגעפירט פּיעסן וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט מיט אונזער גערנגל, מיט אונזער ווירקלעכקייט און מיט אונזער לעבן. אַ טעאַטער וואָס באַגלייט נישט די דערשיינונגען און פּראָבלעמען פונעם לאַנד, ווי גוט דאָס טעאַטער זאָל נישט זיין, גייט נישט פאַראויס, נאָר עס בלייבט הינטער שטעליק.

## אין דער ערשטער ריי — ישראלדיקע פּיעסעס

צווישן דער „הבימה“ און אַנדערע ישראלדיקע טעאַטערן איז נישטאָ דער דירעקטער קאָנטאַקט מיט דער ישראלדיקער ווירקלעכקייט און איר געזעלשאַפטלעכע, אייגנאַרטיקייט. עס ווערן געגעבן אַ סך פרעמדע פּיעסעס. אָבער איך גיי, זאָגט דזשיגאַן, אין טעאַטער נאָר אויף ישראלדיקע פּיע־




סעס, אזעלכע וואָס האָבן א נאענטן שייכות מיטן דאַיקן לעבן. און ער האָט זיך איבערצייגט, אז אויך דער עולם האט זיי ליב צו זען. אבער זייער צאל איז אַ קליינע. און די טעאטערן האָבן, בדרך כלל, ליב צו שטעלן דווקא פרעמדע פיעסעס.

### וואָס מער טעאַטערס — אַלץ מער צרות

נאָך אַ סיבה צום ישראלדיקן טעאַטער קריזיס זעט דזשיגאַן אין דער ווילדער הפקרות וואָס הערשט אין דער ישראלדיקער טעאַטער־וועלט. עס איז אַ אמתדיקער תוהו ובוהו. נישטאָ קיין לאַנד, ווו אַקטיאָרן זײַנען נישט אָרגאַניזירט אין זייער פאַך־פאַריין, וואָס איז צעטיילט אויף סעקציעס צו וועלכע עס געהערן קינסטלער נאָר לויט זייער ספּעציאַליטעט. ווי, למשל, אַקטיאָרן פון דראַמאַטישן טעאַטער, פאָלקס־שפּיל, נאַכט־קלובן, מוזיקער, טענצערס א.א.וו., וועלכע ווערן אַנגאַזשירט בלויז אין זייער זשאַנרי. יעדער מוז ענדיקן אַ קונסט־שול, אָדער אַדורכגיין אַ שטרענגן עקזאַמען. ביי אונז זײַנען „אַלע אינאײַנעם" אונטער איין טלית וואָס איז נישט אינגאַנצן תכלת. יעדער קען שפּילן וואָס ער וויל, ווו ער וויל און ווען ער וויל, אָן שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט — נישט לגבי דער קונסט, נישט לגבי דער געזעלשאַפט און נישט לגבי זיך זעלבסט. פון דעם נעמען זיך, אַלע כאַלטורעס, פון וועלכע עס קומען אַלע צרות.

### „דיוויזיעס פון טעאַטער־טרופּעס"

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערשײַנונג דערמאָנט ש. דזשיגאַן אַ ווײַטערדיקן פאַקטאָר, וואָס פאַרשאַרפט נאָך מער דעם קריזיס אין ישראלדיקן טעאַטער: מיליטערישע טעאַטער־טרופּעס. אין אונזער מיליטער אָרגאַניזירן זיך פון יאָר צו יאָר „דיוויזיעס פון טעאַטער־טרופּעס", אַזוי לאַנג ווי זיי עקזיסטירן אין די ראַמען פון מיליטער — האָבן זיי אַן אויפגאַבע און אַ מיסיע. אָבער נאָכן ענדיקן דעם מיליטער־דינסט קערן זיי זיך נישט אום צו זייער פריערדיקער אַרבעט, אָדער צו זייערע שטודיומס, נאָר זיי טרעטן אויף אויף ציווילע בינעס, אָן אַ געהעריקע צוגרייטונג — עס שאַפט זיך אַ שטראָם פון כאַלטורעס מיט אַ נידעריקן ניוואָ. און דאָס אויף די הוצאות פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פאַר וועלכע עס באַצאָלט די באַפעלקערונג, דיזעלבע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אַ מאָל געקויפט פאַרשטעלונגען אין די ערנסטע טעאַטערס און אַזוי אַרום געגעבן דעם עולם פּיעסעס מיט אַ געהעריקער הויך סי אין אינהאַלט און סי אין דער אויספירונג — גיבן זיי אַנשטאָט דעם ביליקע כאַלטורעס סיי אין אינהאַלט, סיי און דער אויספירונג און סיי אין פּרייז.

### דאָס יידישע טעאַטער

אין וועלכער מאָס פילט זיך דער קריזיס אין יידישן טעאַטער אין ישראל?

שמעון דזשיגאַן ציט מיט די פּלייצעס און זײַנע אויגן בעטן זיך רחמים: ציט מיך נישט ביי דער צונג. דאָס איז זײַן פּילבאַרער און אָנגעווייטיקטער פּונקט. ער פאַרטיפט זיך אין מחשבות און עס דאַכט זיך, אַז ער זוכט אַ וועג, ווי זיך אַרויסצודרייען פון דער דאַזיקער פראַגע. אַ מאָמענט זוכט ער אַ וועג ווי איבערגיין צו אַן אַנדער טעמע און פרעגט, אפשר זאָל איך דערציילן אַ וויץ? און ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפער און ער דערציילט: די פירער פון ראַטנפאַרבאַנד האָבן זיך געווענדעט צו פּוילן אין זי זאָל בעטן צי פּראַקלאַמירן אַ וואָך פון פּויליש־סאָוויעטישע פרײַנטשאַפט. האָבן די פּאָליאַקן געענטפערט: „מיר זײַנען מסכים צו אַ וואָך פון פּויליש־סאָוויעטישע פרײַנטשאַפט אָבער קיין איין טאָג נישט מער"...

וואָס פאַרא שייכות האָט דאָס מיט אונזער פראַגע? פרעגן מיר דזשיגאַנען. ער ענטפערט: שייכות, שמייכעס — אָבער דער וויץ איז אַ גוטער און אפשר ווילט איר הערן נאָך אַ וויץ וועגן אַרגענטינע? עס ווילט זיך און עס ווילט זיך נישט. עס איז שטענדיק אָנגענעם צו הערן דזשיגאַנס וויצן. אָבער קהלת האָט שוין געזאָגט: אַלץ האָט זײַן צײַט...

מיר האָבן געבעטן דזשיגאַנען זיך אומקערן צו די ענינים פון יידישן טעאַטער. ווער איז דען אַ גרעסערער בר־סמכא פון אים אין דער פראַגע?

## מען טוט אַן עוולה די אַקטיאָרן פון יידישן טעאַטער

אויב — זאָגט דזשיגאַן — עס פילט זיך אַן ערנסטער קריזיס אין העברעישן טעאַטער — קען מען דאָך בכלל נישט רעדן וועגן אַ קריזיס אין יידישן טעאַטער, ווייל עס עקזיסטירט בכלל נישט קיין יידיש טעאַטער אין לאַנד. עס עקזיסטירן טרופּעס, וואָס אָרגאַניזירן זיך צופעליק און זיי שאַפן פאָרשטעלונגען, וואָס אין זייער גרעסטן טייל איז נישטאָ קיין אינהאַלט און נישט קיין שפּיל. די טרופּעס אָרגאַניזירן זיך, צוליב פּרנסה. זיי האָבן נישט קיין אויפגאַבע און נישט קיין מיסיע. און מען דאַרף דאָס אמתדיק באַדויערן. ווייל ער איז דאָ אַן עולם פאַר אַ גוט יידיש טעאַטער אין לאַנד. ווייל, ווי עס זאָל נישט זיין שפּילט מען דאָך סיי ווי סיי אין יידיש — איז דאָך בעסער, אַז אַנשטאָט זיבן אומפאַראַנטוואָרטלעכע טרופּעס, זאָל געשאַפן ווערן איין אָדער צוויי גוטע יידישע טעאַטערס. און, בכלל, טענהט דזשיגאַן מיט ביטערקייט, טוט מען אַ שווערע עוולה די אַקטיאָרן פון יידישן טעאַטער. זיי האָבן געליטן מער פון אַלעמען, פון זיי האָבן די נאַציס צוגערויבט און פאַרניכטעט זייער עולם און זייער שפּראַך. און די אינסטיטוציעס האָבן גאָרנישט נישט געטאָן זיי צו העלפן. עס געפינען זיך צווישן זיי גוטע אין באַגאַבטע אַקטיאָרן, פאַרוואָס זאָל מען נישט שאַפן אַ טעאַטער אין יידיש פאַר זיי?

לגבי זיין טעאַטער — דאָס יידישע סאַטירישע טעאַטער — זאָגט דזשיגאַן, האָט ער זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, נישט לגבי דעם רעפּערטואַר און ניטש לגבי דעם עולם. אָבער — זעצט ער פאָר — אויך איך הויב אָן צו פילן דעם קריזיס אין מיין טעאַטער, און דאָס צוליב וואָס? נישטאָ קיין סטאַבילער אָרט פאַר די אויפטרעטונגען און דאָס ברענגט צו גרויסע הוצאות. זיי פאַרוואַנדלען יעדעס טעאַטער — טראָץ די קאַסע־דערפאָלגען אין אַן אומעגלעכע זאַך, צוליב דער שטענדיקער אָפּהענגיקייט אין פרעמדע זאַלן. איך האָב אויך נישט די מעגלעכקייט צו שאַפן אַ שטענדיקן און סטאַבילן טעאַטער.

און ש. דזשיגאַן פאַרענדיקט — איך מיין, אַז דאָס קולטור־און־דערציונגס מיניסטעריום, די שטאַטישע קולטור־אָפּטיילונגען, די צענטראַלע קולטור־און דערציאונג־אָפּטיילונג פון דער הסתד־רות און אויך אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פאַקטאָרן, דאַרפן ענדערן זייער באַציונג צום ישראלדיקן טעאַטער (דעם העברעישן אַן דעם יידישן) און צו זיינע פּראָבלעמען. איך מיין נישט בלויז אין דער באַציונג פון געלט־אונטערשטיצונגען. אויב דידאַזיקע פאַקטאָרן וועלן פאַרלאָזן די טעאַטערן אַזוי ווי זיי האָבן זיי פאַרלאָזט ביז איצט און זיי וועלן נישט ענדערן זייער באַציונג צו זיי — וועט דער קריזיס אין היגן טעאַטער ווערן נאָך שאַרפער און ערנסטער און ער וועט זיך פאַר־וואַנדלען אין אַ קאַטאַסטראָפע. און מיר וועלן דינען פאַר אַ מוסטער אין דער וועלט ווי אַזוי נישט צו באַציען זיך ערנסט צו אונזער טעאַטער.

(פון אַן אינטערוויו)

# דזשיגאן־אלבאם

## אין וואָרט

(לויטן א״ב)



## און בילד

(לויט דער אָרדנונג אין בוך)




דפוס א. סטרוד ובניו, תל־אביב, ישראל

